

**בער אפרים**

גוטע געדאנקען וואָס מיר פארשרייבען
איז דאָס בעסטע וואָס נאָך אונז קען בלייבען.

# אינהאלט

פיידזש



(אינהאַלט — נעקסטע פּיידזש)

# דער געבענשטער קוואל.

דעצעמבער 29, 1918

אַ בענעוואָלענט סאָסייטע
פון פיינע לייטע
באַזיצט דעם זעלבען כלל
וואָס אַ לעבעדיקער קוואל
אַ קוואל האָט דאָס אייגענשאַפט
דורך פיעל שעפען באַקומט ער קראַפט.
מעהר וואַסער מען שעפט אוים,
מעהר גיבט ער פון זיך אַרוים.
דאָס זעלבע איז אויך מיט אַ פעראיין
וואָס פיהרט זיך ווי עס געהער צו זיין
מעהר גיטס ער טהוט
מעהר וואַקסט ער און בליהט.
די טרעזשורי איז נור דאַן ווערטה אַ סך
ווען איהר ספענדט עס אויף א וויכטיגע זאך.
דען דער צוועק אין לעבען איז ניט דאָס געלד,
נור ברענגען דערמיט גיטס אויף דער וועלט.
איבערהויפט אַ סאָסייטע אַ בענעוואָלענט
דאַרף איינשטעהן אין גוטע הענד.
די מעמבערס טאָרען ניט זיין פויל,
זיי מוזען ארבייטען גוט און וואויל.
הערט זיך איין ברידער און שוועסטער!
ט ר י י ה י י ט — איז דער וועג דער בעסטער
דער פאַלשער מענש איז ניט ווערטה
ארומצוגעהן אויף דער ערד.
ווירקליכע פריינדשאַפט אָהן אַ ברעג,
דאָס זאָל זיין אונזער הייליגער צוועק.
ברענגען הילפע לינקס און רעכטס,
ניט בלויז מיט אַ קרעכץ.
זשאַלעוועט ניט אייער מיה,
אַלע קרעפטע ווענדעט אָן דערצי.
העלפט . . . העלפט ווי ווייט איהר קאָנט!
מיט אַ גיט האַרץ, מיט דער פולער האַנד.
געוואוינט זיך אזוי טהין,
וועט עס אייך דערצי ציהען

ביי יעדע איינציגע אנגעלעגענהייט
העלפען צו דער ריכטיגער צייט
אַזוי זאָלט איהר זיך פיהרען.
וועט די סאָסייטע אימער פּראָגרעסירען
און ווערען געלויבט איבעראַל
אזוי גוט ווי דער געבענשטער קוואל.



## דער ארבייטער.

דעצעמבער 2, 1918

טראכט הין, טראכט הער
ביטער איז דעם ארבייטער
פיעל מיה ער זאָל זיך ניט געבען
איז איהם דאָך שווער צו מאכען א לעבען.
נור ער דארף זאָרגען לייען און באָרגען
מיט זיין האָרעווען איז ער קיינמאָל ניט יוצא
עס קלעקט ניט די חלה אויף המוציא.
אין הויז איז קאלט און ענג א געוואלד
אויפ'ן הארצען שווער דער מאָגען לעער.
לענדלאָרדס רעיזען רענט
אין גראָסערי דער יקרת, ער ברענט
דער בוטשער שינדט ווי א בעזער הינד.
און ווער אין גאָט גלויבט דער רייסט א הויט
פערלאנגסטו פיר דיין ארבייט א רעיז
אזוי ווערט דער באָס בייז.
ווי עס פאסט פאר א באָס
אן אבגעפרעסענעם בארבאָס
ער צושרייט זיך ווי א פאָמעשציק
אויפ'ן ארעמען מוזשיק
אָדער ווי ער וואָלט זיין א גראף
און דו ביי איהם א שקלאף.
נור איהם אליין קומט אלעס
ביים ארבייטער מעג פייפען דער דלת.
איהם גיט מען כבוד אין די שוהלען
ער מוז האָבען פאלאצען, אויטאמאבילען
און וואו ער טהוט זיך נור א ריהר
האָט ער ליב צו ספענדען אָהן א שיעור . .

פארטים, רייסעס, און באנקעטען
טאָג־און טאג א דינער א פעטען.
און אז איך בעקום גערעיזט א פּאָר סענט
סאָקט מען עס אוים מיט פּראָצענט —
יעדעס מאָל א סורפּרייז א נייער
מעהר און מעהר ווערט אלעס טהייער....
סטרייק יאָ, סטרייק ניט, ס׳איז אלס ניט גיט
אלס איין שווארץ־יאָהר סע העלפט ניט.. און גאָר..
אַלערליי מאַשינען באקומט דער באָס,
און שליידערט אַרויס אַרבייטער אין גאַס.
איהר געהט אַרום פארוואָגעלט טאָג ווי נאַכט,
גאַנצע מחנות טרעמפּס האָט מען פון אייך געמאַכט.
און ווען אַזא איינער גנב׳עט אַ ברויט,
טהוט מען איהם צום טוידט.
דער רייכער אָבער מעג רויבען ווי ווייט ער קאָן,
און שפּילען די ראָלע פון א פיינעם מאן...
ווער שמועסט ווען עס קומט סלעק,
און מען גיט דיר די סעק.
יוניאָן אַהין, יוניאָן אַהער,
ס׳איז אַ מיחיה — בזיה, נישט מעהר.
און דערווייל דערזעהסטו מיט א שווער הארץ,
אַז דאס קעפּעל ווערט מעהר גראָה, ווי שווארץ.
דאַכט זיך דערזעלבער ישראל׳יק
וואָס פלעגט מיט די באָסעס לערנען בלק.
עס איז אָבער ניט דאס וואָס אַמאָל,
כאָטש מען רופט דיך שוין רב ישראל.
ביזט נאָך אפילו אַ קרעפטיגער איד,
דאָך דערמאָנסטו מיט זיך אַן אינוואליד.
דיין עקספּיריענס איז מען דיר מוחל,
ווייל מען גלייכט ניט אַן ארבייטער "אַ זייט׳זשע מוחל"
מען זוכט נאָר אַזוינע וואָס אַ יעדער איינער,
זאָל האָבען געגוג סאָק אין די ביינער.
וואָס מען קען זיך מיט זיי שאַפען,
זיי זאָלען ארבייטען ווי די שקלאַפען.
דו לויפסט ווי א פאר׳סס׳טע מויז,
און וואַרפסט זיך צו פארשידענע ביזנעס.

עס קאָסט דיך נאָר רבי געלד,
און דו פארלירסט ביז צום לעצטען סענט.
עס איז אומזיסט ווען מען פאנגט גאָר אָן,
דאָס וואָס מען האָט אין דער יוגענד ניט געטאָן.
גוואלד! וואו טהוט מען זיך אהין?
וואָס הויבט מען אָן צו טהין?
דער ארבייטער איז אן אייביגער קנעכט,
ערשט נאָכ'ן טוידט בעקומט ער זיין רעכט...



## אָה, די ווייזשעס, די ווייזשעס!

איך ווינש זיך ניט זיין קיין אימפעראטאָר,
אָדער אירגענד וועלכער דיקטאַטאָר.
נאָר בלויז אַ פּרעזידענט ווי רוזוועלט,
אוי, וואָלט איך דאַן געקערט אַ וועלט!
איך גיב אייך אָבער מיין עהרען וואָרט,
אַז אַלעס וואָלט געבליבען אויף אַן אָרט.
איך וואָלט נאָר געשטרעבט איינצופיהרען,
מען זאָל קיינעם ניט עקספּלואטירען.
נעמליך, אָפּשאַפען די מאָנקי-ביזנעס,
פון צאָהלען די עמפּלאָיערס ווייזשעס.
ס'זאָל ווערען אויס מיט באָס און לוין ארבייטער,
יעדער באשעפטיגטער אַנערקענט אַלס פּאַרטנער.
אַ בעל מלאכה וואָס קען עטוואָס שאַפען,
זאָל צו קיינעם ניט זיין אונטערוואָרפען.
מיר אַלע זיינען דאָך ביים גלויבען,
אז אייגענטהום טאָר מען ניט רויבען.
וועל איך אייך טאַקע פרעגען: —
איז דען די ווערק פון ארבייטער ניט זיין פארמעגען?
גיט דעם א נאָמען א ר ב י י ט ט ה ו ם
און אַנערקענט עס אויך אַלס אייגענטהום.
זאָלען די באָסעס ניט וואַגען דערפון נעהמען,
וויפיעל זיי ווילען און וויפיעל זיי קענען.
אָהן אַ שום לימוד, אָהן אַ מאָס,
אָהן א פארוועָן, אָהן א פארוואָס.

עס איז שוין צייט דאס צו פערמיידען,
ווייל דערפון קומען די אַלע ליידען.
זאָלען די באלעבאטים פון פעקטאָרים, מאַשינען,
און פון די פארשידענע מאַטעריאלען.
באקומען פאר זייער גאנצען אינוועסטמענט,
אַ געוויסען, בארעכטיגטען פראָצענט,
ווי עס איז איינגעפיהרט איבעראל,
פאר אַן אויסגעבאָרגטען קאַפּיטאל.
און די וואָס זיינען ביים פּראָדוצירונג פארנומען,
זאָלען דערפון דעם גאַנצען פּראָפיט באַקומען.
יעדערער נאָך זיין ריכטיגער ווערטה,
לויט דער אָפּשאַצונג פון דער מאַיאָריטעט.
וועלכע וועלען זיך אָנשליסען,
אין דערזעלבער קאָרפּאָריישאָן.
און זאָל נאָר ניט באריהרט ווערען דעם
פּראָדוצירערס רעכט,
וועט דאס גאַנצע לאנד ווערען אויפגערעכט.
ס'פאָלק וואָלט אָנגעפאַנגען מעהר פארדינען,
און גרעסערע אויסגאַבען זיך פאַרגינען.
און ווער איז נאָך אַזא גוטער קאָסטימער,
ווי אונזער ברודער - ארבייטער.
אַבי ער האָט נאָר מיט וואָס צו קויפען,
גיט ער צו לייזען אויפן בעסטען אופן.
בארעכענט זיך גוט, איהר קאַפּיטאליסטען,
און זייט ניט קיין פארדאמטע עגאָאיסטען.
האלט אָן אַביסעל אייערע אַפּעטיטען,
צו שלינגען גרויסע פּראָפּיטען.
וואָס דערמיט טרייבט איהר ס'פאָלק צו ארמוט,
און איהר מיט אַלע רייכטימער זאָלט אויך געהן קאפּוט.
לאָזט דעם ארבייטערס רוחים זיך פארגרעסערען,
וועט עס געווים אייער לאגע אויך פארבעסערען.
אָה, די ווייזדזשעס, די ווייזדזשעס!
זיי ברייננגען קריזיס און אלדאָס בייזעס!

## צווישען אמאליגע קלעזמער.

יאנואר 1, 1934

פרעגט מיך וואָס איך האָב נעכטען געגעסען
האָב איך שוין לאנג פארגעסען
אבער אַנשטרענגענדיג דעם זכרון
אויף צוריק מיט א 7 צעהנדליג יאָהרען
דערמאָנט עס מיר גאנץ אקוראט
עס לעבען אין דער אלטער היימאַט
און אלץ וואָס איך האָב בייגעוואוינט
אין יעליסאוועטגראד, וואו מיר האָבען געוואוינט. —
איך זעה 2 נאָהענטע שכנים מיט אייגענע הייזער
2 באוואוסטע אידישע קלעזמער
מיין פאָטער אפרים, וואָס האָט שטארק גע׳שם׳ט
און מענדל-לייבען, וואָס מע האָט אויך גוט געקענט
אלס פראָמינענטע ערשטע פידלער
צווישען זייער ארקעסטערס די לידדער
און אלס זעהר באליבטע פייוואָריטען
האָט מען זיי בלויז ביי די ערשטע נעמען געריפען
עס איז גענוג צו זאָגען אפרים קלעזמער
און וואָס דארף מען נאָך מעהר?
זיין פאמיליע נאָמען גאלדענבערג
איז שוין געווען גאנץ איבעריג
א יעדער פון די פידלער האָט אנגעהאלטען
א בעזונדער קאָמפּאניע מיוזיקאנטען,
און געווען באשעפטיגט פון אומעדום
אין די שטעדט און שטעדטלאך פון ארום און ארום
א וועלט מיט מענשען האָט זיי געגלייכט
יונג און אלט האָבען זיי פרעהליך געמאכט
טאָג און נאכט, סאי זומער, סאי ווינטער
אויף חתונות, בעלער, און טהעאַטער
מיט א זיס-קוויקענדיג שפילען
ארויסגערופען די בעסטע געפיהלען
בעגייסטערט עס פובליקום צום לאכען, צום וויינען,
און דורך צוּיבערליכע קלאנגען שמחות באשעהנען
געמאכט הערצער פלאטערען, אויגען גלאנצען
און פיס וואָס כאפּען זיך טאַנצען.

שעהן איז געווען צו זעהן עס בילד
ווען מיין פאָטער מיט'ן ארקעסטער שפּילט
עס שוועבט נאָך יעצט פאר מיינע אויגען
ווי פלינק עס באוועגען זיך זיינע פינגער און דער בויגען
די גרעסטע ווערק וואָס מע פלעגט שפּילען
האָט ער אלץ אליין געשריבען
זעלטען ווער עס האָט גאר אזוי געקענט
שרייבען נאָטען פאר א יעדען אינסטרומענט
און איבערהויפּט איז ער עה"ש געווען
א פּערזאָן וואָס איז א פערגניגען צו זעהן
ווער שמועסט, ארבייטענדיג מיט דער פידעל אין האנד
האָט ער אויסגעזעהן העכסט אינטערעסאנט.
און די זעלבע הארמאָני וואָס ביים שפּילען
פלעגט זיך אין אלע זיינע פערהאנדלונגען פיהלען
האָט נור אימעצער באוויזען א קרום פּנים
איז ער שוין לעדיג ניט אוועק פון איהם
פרעמדע ווי אייגענע פלעגט ער שטיצען
און ברענגען זיי אלמעגליכע נוטצען. —
מיט מענדל-לייבען זיך באגעגענען מיט פערגניגען
עס האָט ניט געטראָפען זיי זאָלען זיך קריגען
האָט זיך יעמאנדען א שפּילעכץ געטראָפען
איז מען זיך דעם וועג ניט פערלאָפען
נור צולאָזען דעם וואָס מע האָט געוואָלט האָבען
און פאַר קיין פאל זיך ניט איבערשלאָגען.
ארענטליך האָט מען פערהאנדעלט די קאָמפּאנסקי עסקים
אלע מיוזיקער האָבען באקומען גערעכטע חלקים
א מערקווירדיגע סיסטעם האָט עקזיסטירט
אז קיינער זאָל ניט ווערען עקספּלואטירט
ווייל וויפיעל אימיצער זאָל באקומען
פלעגט אימער די מאדזשאריטי באַשטימען.

אזוי אז סאָליסטען זאָלען נעהמען מעהר
און שוואכערע מיוזיקער ווייניגער
מע האָט אבער ניט פערפעהלט יושר
צו דעם וואָס זיין פאמיליע איז גרעסער

אלעס האָט זיך געפיהרט גאנץ לייטיש
רוהיג, אנשטענדיג, דעמאָקראטיש
קיינע פּריצים, יחסנים און קיינע קנעכט,
לויטער חברים, מיט דעמזעלבען רעכט,
ביי יעדער איינציגער פערהאנדלונג
איז אויסגעהערט געוואָרען אלעמענס מיינונג
געוועזן איז מען זיך באמת געטריי
אָהן שום פאלשקייט, אָהן צאנקעריי
רעספּעקט פלעגט געניסען א יעדער איינער
און אזוי האָט עס אָנגעהאַלטען כסדר
כמעט אלע פרייטאג האָט מען זיך פערזאמעלט
און ביז א פּעני זיך צורעכענט.
די פאמיליעס האָבען זיך אויך גוט פערהאלטען
און ביי יעדער געלעגענהייט זיך ארויסגעהאָלפען
די ווייבער, די קינדער צוזאמען
פונקט ווי פון איינע טאַטע-מאַמען. —
נאָך מעהר, די 2 באזונדערע קאמפּאניס
זיינען געווער פאראייניגט אין א שותפות
און וועלכע פון זיי האָט פארדינט מעהר
פלעגט זי אויסצאָהלען דער צווייטער איהר שער
צעהנדליגע יאָהרען איז מען געווען אחדות
און געווינשטע געסט ביי היימישע שמחות.
אט אין אזא אטמאָספערע בין איך ערצויגען
און דאָס אלעס געזעהן מיט מיינע אויגען.
קלעזמער זיינען געווען באהיט פון ווידזשעס
וואָס פיהרען אָפט צו שווינדעל, רציחות,
נור א קאָאָפּעראטיווע סיסטעם איז ווערט צו אנערקענען
נור פון איהם קען מען פיעל גוטעס לערנען
און זעהן אז אין אלערליי געשעפטען
זאָל ניט בארויבט ווערען דעם ארבייטערס קרעפטען, —
איך האָב זעלבסט, ניט היינט געדאכט
25 יאָהר אין שקלאפעריי פארבראכט
און דעם טעם פון דינען ביי א בעל-הבית
פארזוכט די גאנצע צייט מיט דער פולער מאָס
א קיילעכעגען חודש פאר 35 קערבלאך
געארבייט 12 שטונדען טאָג טעגליך

און פרינטינג ארבייט איז פון דעם מין
וואָס נור שטעהענדיג מוז מען עס טהין
מיין ארבייט האָט זיך דעם באָס באצאָהלט
צעהן מאָל מער וויפיל ער האָט מיר געצאָהלט
איהם איז עס אבער ניט געווען גענוג
און פלעגט שטענדיג בורצען ווי א מריק.
אז ס׳איז געקומען די וויידזשעס צאָהלען
האָט ער אנגעשטעלט א בייז פערצאָרענט פּנים
גלייך ווי מע רויבט זיין לעצטען ביסען
אדער פון זיין מויל די ציין געריסען
די איינציגע זאך וואָס ער פלעגט ניט קארגען
איז אָפּשפּילען אָפּט א פינסטערען מאָרגען
ער איז געווען איבער מיר דער גאנצער הערשער
און איך אן איינגעבעטענער, א פרעמדער
ווי א געפעהרליכער פּאראזיט
פּארסמ׳ט אין מיר מיין בליט. —
שאפּט אָפּ די פאַרפלוכטע שקלאפעריי
אָה, ווי זיס עס איז צו ארבייטען און זיך פיהלען פריי
און זאָלען די אלמעגליכע ריזיגע רייכטהימער
קומען אין האנד פון די פּראָדוצירענדע ארבייטער.
נעהמט בלויז אָן די סיסטעם פון אמאָליגע קלעזמער
וועט די וועלט אויסזעהן פיל שעהנער און בעסער.



## צו אונזעריגע

דעצעמבער 21, 1918

פּראָפּיטיערס, ביזנעס לייט
פאריאָגט זיך ניט צו ווייט
האָט ניט אזוינע גרויסע אויגען
און האלט זיך צוריקגעצויגען
נעהמט עס גוט אין אכט
און גיט אמאָל וועגען דעם א טראכט:
אויב דער יקרות וועט חלילה ניט אויפהערען
וואָס וועט דערפון ווערען? . .
וואָס טהייערער ווארע ווערט
מעהר פארלירט דער דאָלער זיין ווערטה

און מאכט שטארק פאלען
דעם ווערטה פון אייערע קאפּיטאַלען,
חוץ וואָס אזא בעזע שפּיעל
רופט ארוים א שלעכטען געפיהל
ווער ווייס אויב די גרויסע פּראָפיטען
וועלען אייך אויסגעהען צו גיטען
ווערליג מ׳הערט זיך אָן היינטיגע צייטען
אי פון נאָהענט אי פון ווייטען
וואָס מען טהוט מיט גרויסע גבירים
וואסער א סוף האָבען אפילו קסרים
וואָס אידען האָבען שוין געליטען
אומעדום פון אנטיסעמיטען
ווי אידיש פערמעגען איז הפקר
און עס לעבען אויך ניט זיכער
זאָלען מיר כאָטש ביים אָנקעל סעם
ניט ברענגען אויף זיך א שלעכטען שם
זאָל זיך קיינער ניט דארפען באקלאָגען
זאָלען שונאים ניט האָבען וואָס צו זאָגען
אז דער איד איז כל־בו און פיעל ערגער פון׳ם גוי
היט זיך פאר׳ן בלבול פאר׳ן וויסטען
אז אידען זיינען שענדליכע עגאָאיסטען
זייער איינציגער צוועק איז געלד און שלינגען א וועלט
א איד דארף זיך היטען פאר א שאלה
און זיך האלטען אין דער מעלה
אז מיר וועלען זיך מאכען א גוטען נאָמען
וועט עס האָבען א שעהנער פנים
האלט איין א ביסעל דעם אפעטיט
און היט זיך פון א געפעהרליכען שריט
כאפט זיך ניט שטארק צו ווערען רייך
וועט עס זיין געזונטער פאר אייך . .

## METAMORPHOSE

סעפּטעמבער 1934

מיין פאָטערס נאָמען איז אנפאנגס געווען
אפרים צבי בר׳ גרשון  ג א ל ד ש ט י י ן.
זייענדיג פון געבורט א פּרייסישער בירגער
האָט ער געמוזט ווערען א רוסישער אונטערטאנער.
נעהמט פאני־קוואס און שפּילט אָפּ א טריק
ארײנשמוגלענדיג אין די ביכער א מיסטייק
און אפשר איז דער שרייבער שיכור געווען
און פארשריבען  ג א ל ד ע נ ב ע ר ג  אנשטאָט
ג אָ ל ד ש ט י י ן.
נו, נו . . . איז גלייך אוועק א גאנג
מיט א פארשלעפּטען פּראָצעס אויף יאָהרען לאנג
ווי דער שטייגער איז געווען אם מעהרסטען
ביי דער רעגירונג פון ניקאָליי דעם ערשטען,
דעם שרעקליכען צורר היהודים
וואָס קען גאָר ערגער ניט גיבען
פילע טויזענדער היימען פלעגט מען פארוויסטען
צונעהמענדיג קליינע אינגלאך פאר קאַנטאָניסטען
געצוואונגען זיי מיט געוואלט זיך צו שמד׳ן
און פארבלייבען סאָלדאטען אויפ׳ן גאנצען לעבען,
ביי א סלוזשבא א שווערע ווי דער טוידט
באקומענדיג פּעטש מיט ראזגעס, מעהר ווי ברויט,
ער האָט געמעגט זיין מיט 10 קעפּ
האָט ער זיך ניט אויסגעדרעהט אָהן קיין קלעפּ
און וואו ערגעץ אן אנשטאלט מיט צינאָווניקעס
איז עס באשטאַנען פון לויטער כאבארניקעס
וואָס פלעגען באהאנדלען א אידען מיט רציחה
און סאָקען פון איהם געלד ווי ווייט סע זיי ניחה
היינט שטעלט זיך פאָר די אומזיסטיגע פּלאָגען
וואָס מיין פאָטער האָט געמוזט איבערטראגען.
גיב אָהן א שיעור כאבאר, אז ניט ווערסטו א סאָלדאט! . .
האָט אבער דער אויבערשטער רחמנות געהאט . . . .
אין רעכטען קאָך פון דער סעוואסטאפּאָלער מלחמה
האָט ניקאָליי איינגענומען א מיתה משונה;
די ממשלה האָט באקומען אלעקסאנדער דער צווייטער
וואָס איז געווען גראדע א גוטער קייסער

און באלד האָבען זיך די אנשטאַלטען איבעראל
אנגעפאנגען פיהרען גאנץ ליבעראל.
מע האָט שוין מעהר ניט געמעקט און געשריבען
און מיט'ן נאָמען ג אָ ל ד ע נ ב ע ר ג זיינען
מיר פארבליבען.
דאָס האָט פאסירט אין אכטצעהן פינף און פופציג
מיט מיינע ניין-און-זיבעציג יאָהר צוריק . . .
ארבייטענדיג א לאנגע צייט ביי גאָלדענבערג א באָס
האָב איך באקומען צו דעם נאָמען א האס
דעם אמת מוז מען זאָגען
עס איז טאַקע ניט געווען וואָס ליב צו האָבען
ווייל דער גאָלדענבערג מיט זיינע בנים
האָבען געהאט ניט קיין שעהנעם נאָמען.
באוואוסטע אין דער שטאָט יעליסאוועטגראד
אלס באַסעס פון דעם ערגסטען גראד
איז באלד ווי איך בין געקומען אין לאנד אין נייעם
האָב איך געמאכט מיין צווייטען נאָמען א פ ר י ם
אלס א דענקמאל נאָך מיין זעליגען פאטער
פאר מיר, מיינע קינדער און קינדס קינדער
געבענשט זאָלען זיי זיין מיט מעלות טובות
און באַשעהנען דעם נאָמען אויף דור דורות.



## ווי איז דער שכל ?

אם מעהרסטען איז דער מענש ווי אַ ביק,
וואָס לאָזט זיך פיהרען פאר'ן שטריק.
און וואָס מען שטיפּט איהם אַן אין קאָפּ אַריין
מיינט ער, אַז אַזוי בעדאַרף עס זיין.
און איז נאָך ביי זיך געגוג עקשן,
צו גלויבען, אַז דאָס איז תורות לאָקשען.
ער איז פאַרקאָכט אין די נאַרישע געזעצען,
ווי דער ווילדסטער מענש צו זיינע געצען.
ער אָפּפערט זיך גערן צו זיין אַ קרבן,
פאַר די וואָס זיינען שוין געשטאָרבען.
הייליג זיינען איהם זייערע פארפוילטע ביינער,
און זאָגאר זייערע מצבות פון שטיינער.

צוליעב אומגעלומפערטע עבודה־זרות,
איז ער גרייט צו שלאָגען מיט זיך כפּרות.
צום בײַשפּיל. — האָט איינער איבערגעלאָזט פעלדער,
מיט הייזער, גערטנער אָדער וועלדער.
כאָטש מען ווייסט, אַז זײַן גאַנצען פאַרמעגען
האָט ער ערוואָרבען ניט דורך כשרה וועגען.
איז אָבער לויט זײַן וואונש אַ יורש געקומען,
און דאָס אַלעס פאַר זיך פאַרנומען.
נאָך איינער וואָס האָט אָנגערויבט פיל,
און איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ ווילל.
גאָר פאַר ווילד פרעמדע ביז אַ פּרוטה,
האָבען שוין אפילו זײַנע יורשים דערצו קיין שליטה.
עס העלפט קיין ליאַרם, קיין געוואלד,
דער געשטאָרבענער האָט עס אַזוי געוואָלט!
קיינער האָט איבער דעם ניט צו זאָגען,
אויסער דעם בעל־דבר וואָס מען האָט באַגראָבען.
ווייטער איז אַמאָל געווען אַ געוויסער גוי׳עץ
און האָט פאַרפאַסט אַ וואַהנזיניגע געזעץ.
און אלע פאָלגען עס אוים, ווי די קנעכט,
אפילו ווען דאס איז גאָר פאַר זיי שלעכט.
דערזעלבער געזעץ בעקומט נאָך טייפעלשע גבורה
פילע הונדערטע יאָהרען נאָך זײַן פּגירה
מען פערהייליגט עס ווי א געבאָט
פון אן אלמעכטיגען גאָט
אָהן איבערלעגונג מוז מען דערינען גלויבען
קיינע קשיות דערוועגט קיינער ניט פרעגען.
און וואָס עלטער אזא געזעץ ווערט
באקומט ער אליץ א גרעסער ווערטה
פראָמינענט ווערט ער ניט לויט זיין אינהאלט
נאָר דערפאר וואס ער איז אזוי אלט
מע איז מקיים אָהן א פיצעל בושה
די דומהייטען וואָס מען האָט בירושה
טויזענדער מנהגים איז לייכט צו געפינען
וואָס האָבען אין זיך קיין שום זינען
נאָר ווייל זיי שטאמען פון פארצייטען,
וויל מען זיי מעהר ניט פארבייטען

אזוי איז שוין זייער נאַטור
וואָס זיי ווערען חשוב׳ער פון יאָהר צו יאָהר. —
אמת עס ווארען אמאָל גרויסע חכמים
וואָס האבען געלאָזט נאָך זיך נוצליכע כתבים
און ווען מען זאָל פאָלגען זייערע רייד
וואָלט מען פארמידען א סך לייד
ס׳זיינען אָבער דאָ אהן א צאָהל ליידאקעס,
פארקויפטע נשמות, צבוע׳קעס
וואָס פרומערהייד טהוען זיי אל־דאָס־בעז
און פיהרען אלעמען ביי די נעז
זיי פארשפרייטען ווילדען פאנאטיזם
מיט שעדליכען מאָרד־פאטריאָטיזם
באנוצענדיג זיך מיט פיינדליכען גלויבען
און מיט שעדליכען אָבערגלויבען
וואָס האָבען קיין זינען, קיין טעם
און ברענגען אָפטמאָל צו שפיכת דם
צו מחלוקת, צו צרות מכל המינים
וואָס טרייבען די פעלקער אראָפּ פון זינען.
מען קען אבער געגען דעם גאָרניט טהון
זאָ לאַנג דער פאַנאַטיזם געהט נאָך אָן
ווער האָט עס גאָר די העזה צו גיבען לשון
געגען די עקזיסטירענדע קאָנסטיטושאָן
וואָס היצקעפּ האָבען עס אמאָל געשריבען
פיליכט צוריק מיט א דורות זעקס־זיבען
און בעפאָר סע געלינגט עטוואָס בעסערס פארפאסען
קען אמאָל פליסען בלוט אין די גאסען
ווייל פון די איינגעשפארטע רעאקציאָנערען
איז אוממעגליך פּטור צו ווערען
זיי האלטען זיך פעסט ביים אלטען
מעגסט זיי אפילו דעם קאָפּ צושפאלטען
שעדליכע איינבילדונג האָט ביי זיי מעהר קיום
אפילו ווי דער בעסטער געבאָט פון נביאים
פרוּף זיך נאָר אויסשפרעכען געגען אן אלטען געזעץ
קענסטו נאָך באקומען פייעריגע פעטש

מעגען אלע פיהלען אז דו האָסט רעכט
מע וועט אָבער ניט צוגעבען אז דו ביסט גערעכט

וועסט זעלטען געפינען אימיצען
וואָס איז גערן דיך צו שטיצען.

עפּעס א קליינינקייט א חוק פון פארצייטען,
ווי קען מען זיך גאָר באשליסען צו פארבייטען!

צווישען די פעלקער אין אלע דורות
איז פארפאָלגט געוואָרען אן אפּיקורס

מע האָט געקוקט קרום אויף א געלעהרטען
און פיינט געהאט דעם אויפגעקלערטען

און וואו א באוואוסטער פילאָזאָף
האָט געמוזט ערווארטען א וויסטען סוף. —

עס ווילט זיך אבער שטארק גלויבען
אז סע וועט נאָך קומען א בעסער לעבען.

דער קלאָרער פארשטאנד וועט ענדליך זיגען
און וועט אנגענומען ווערען מיט פערגעניגען,

עס וועלען ענטשטעהן די ריכטיגע מענער
וואָס וועלען מאכען דאָס לעבען פיל בעקוועמער

גלייכע חלקים וועלען מיר אלע באקומען
פון ארמוטה וועט ניט בלייבען קיין סימן

מע וועט ניט מוזען האָבען קיין בעל-טובות
און ווערען צו זיי בעל-חובות

זיי זאָלען אונז מעגען שינדען די הויט
און אריינטרייבען אין א שווערער נויט.

מיר זיינען דאָך רייך מיט אזא מאסע ערפינדער
וואָס באווייזען יעדעס מאָל גרעסערע וואונדער

אין כעמיע, טעכניק און מעדיצין
ווי אויך אין נאטור סודות פון יעדען מין

נעמלך די וואונדערבארע עלעקטרישע קראפט
עקס-ריי, ראדיאָ און אלערליי וויסענשאפט.

וואָס ווערט אליך מעהר פארשפרייט
אין דער לענג און אין דער ברייט

מעגליך אז סע וועט נאָך געלינגען
אזא נוצליכע סיסטעם צו ערפינדען

וואָס וועט יעדען איינציגען אויף דער וועלט
באשיצען פון ארמוטה, הונגער און קעלט
סע וועט געבוירען עס וואָרט א ר ב י י ט ה ו ם
וואָס מיינט דעם האָרעפּאשניקס אייגענטהום
וועלכעס זאָל באשיצען זיינע פּראָפיטען
געגען עקספּלואַטאַטאָרס און אלערליי פּאראזיטען
עס וועט פארשווינדען די נויט זיך צו קריגען
עס וועט קומען א צייט פול מיט פארגניגען
מע וועט באהיט זיין פון אל דאָס בעז
און זאָגאר סטאַפּען צו עסען פליייש
גלויבענדיג אז דאָס איז א גרויסע זינד
וואָס פּאסט זיך פאר ווילדע חיות, פאר הינט
דאָס פּאָלק וועט זיין דער אייגענטהימער
פון אַלע גרעסטע רייכטהימער
פריינדשאפט וועלען שליסען די נאציאָנען
וויפיל זיי זיינען נאָר פאראנען
עס וועלען אבגעשאפט ווערען די גרענעצען
מיליטער וועט זיין איבעריג צו נוטצען
מע וועט דערגרייכען די גאָלדענע צייט
וואָס נביאים האָבען אמאָל פּראָפעצייט
עס וועלען ערלעדיגט ווערען די שווערסטע פּראָבלעמען
וועלכע די מענשהייט וועט גערן אָננעהמען.
און פיליכט אין גיכען גאָר אומגערעכט
וועלען מיר ווערען גענצליך אויפגערעכט —
עס האָבען אמאָל אונזערע טאַטעס און זיידעס
געפלאנצט גערטנער, אויפגעשטעלט געביידעס
קלוגע ביכער פאר אונז געשריבען
און אלדאָס גוטס פאר אונז אָנגעקליבען
זיי האָבען עס בעטראכט פאר א חוב
איבערצולאָזען נאָך זיך פון כל־טוב
און אלעס פאַרגרייט פון בעפאָר
פאר דעם צוקונפטיגען דור
דעסגלייכען מוזען מיר פון אונזער זייט
עפּעס טהון פאר דער שפּעטערער צייט
ערשטענס פארפלאנצען נאָבעלע זיטען
לערנענדיג די קינדער דעם וועג צום גיטען

וועקען אין זיי עדעלען אידעאל
פון מענשענליבע און געווינשטען מאָראל.
גיט מיט זיך א לעבעדיגען ביישפּיל
פון גוטע טהאַטען און ערהאבענעם געפיהל
לאָזט אייערע קינדער הויך שטודירען
וועלען זיי זיך אם בעסטען רעפאָרמירען.
און באקומען אַן עכט קלאָרען בליק
מיט א ריינער און לויטערע לאָגיק.



## מלחמה

אפּריל 2, 1917

עקסטראַ! עקסטראַ! מלחמה!
שרייען ניוס-באָיעס אין סטריט...
איך בין געבליבען אָהן א נשמה,
ווי מ'וואָלט מיך אָבגעבריהט.
אָה, מענשען! וואו איז אייער גאָט?
צו וועלכען אַ יעדער פון אייך גלויבט —
ל א ת ר צ ח איז דאָך זיין הייליגער געבאָט,
פון אַלע געבאָטען דער הויפּט.
אָה, פעלקער, וואָס איז מיט אייך דער מער,
ווי לאַנג וועט איהר זיין אַזוי פאַרפיהרט?
טייכען בלוט צו פאַרגיסען איז אייך ניט שווער,
ווי איז מען עס אזוי פון זינען געריהרט!
אַז אָך-און-וועה צו אייערע נאַרישע קעפּ,
ווען איהר ווייסט זיך ניט ווי אויסצוגלייכען,
נור מיט בייזען, נור מיט קלעפּ!...
ניט בעסער — ערגער געהט איהר מאַכען...
איהר פארפּוצט די יוגענד אין יוניפאָרם,
מיט מלאך-המות צאַצקעלאַך ביים זייט.
גאָר אַנדערע מענשען מיט אַמאָל געוואָרען,
גרייט צו שפּרינגען אין גרעסטען פייט.
ווער זיינען עס די העלדען די אַלע,
וואָס מאַרטשען אַזוי מוטהיג צום שלאַכט?
עס לעבען שפּילט ביי זיי קיין ראָלע,
זיי קריכען אין פייער אומגעטראַכט...

דאָס זיינען בלויז יונגוואַרג, בלוט־און־מילך,
אָהנערפאַהרענע, פאַרפיהרטע נשמות,
באַטויבט פון רעש, פון הילך,
הרג׳נען זיך אָהן שום רחמנות.
פון אַלע זייטען פאַנגט מען אָן שיסען און יאָגען,
עס פאַלען פאַרוואונדעטע פון ביקס און שווערד.
צו וואָס האָבען מיר זיך גערארפט שלאָגען?
פרעגען זיך די האַלב־טויטע אויף ד׳רערד?
עס ערשטע מאָל אין לעבען זיך דערזעהן
און געכאַפּט זיך מאָרדען פון העלער הויט...
בעסער צו קראַפּירען ביי זיך אין דער היים,
עלענד שטאַרבען איז דער שווערסטער טויט.
מיר ווייסען ניט און ווילען ניט וויסען,
צו וואָס מען האָט גערארפט די קריג,
און ווער עס וועט עטוואָס געניסען
נאָך אַ מפּלה אָדער נאָך אַ זיג...
וויי צו די טאַטע־מאַמעס,
ווי וועלען זיי עס איבערטראָגען.
דעם טויט פון די געפאַלענע קרבנות,
וואָס ליגען ערגעץ אין דער פרעמד באַגראָבען.
מיט וואָס קען מען עלטערן טרייסטען,
נאָך די פריהצייטיג ערמאָרדעטע קינדער?...
און ביי וויפיעל וועט בלייבען אַם מיינסטען
אַ זיהן אַ קריפּעל אָדער אַ בלינדער?...
מענער שטעלען זיך אַרויס אלס פּאַטריאָטען
און טויגען אייגענטליך אויף כפּרות.
וואָס טוען זיי אויף, די אידיאָטען?
זיי ברייגנען זייער לאַנד גרויסע צרות?!...
וואָלטען נור פרויען געהאַט די מאַכט,
וואָלט פיליכט אַלעס בעסער געווען
זיי וואָלטען שוין עטוואָס צוגעטראַכט,
אַז קיין בייזעס זאָל ניט געשעהן.
זיי ווייסען די ווערטה פון מענשען׳ס לעבען,
זיי געבוירען, זיי ערציהען.
אַ מוטער וועט זיך פון קינד ניט שיידען,
זי העלפט איהם וואַקסען און בליהען.

עס קומט אָבער צו עפּעס וואָס
פרעגט מען ניט די ווייבער קיין דעה,
דער מאַן אליין איז דער גאַנצער באָס,
וואָס ווייסט א שרה אָדער א לאה!...
זיי ווייסען גראַדע זעהר גיט
וואָס צו עפּעס קער
די צרה איז וואָס מען פרעגט זיי ניט.
בלייבט טאַקע ניט אַהין און ניט אַהער.
מ׳פאַרקאָכט אַ קאַשע, ניט פּטר צו ווערען,
מ׳ליידעט, מ׳פּלאַגט זיך גאַר אָהן אַן עק.
אזוי טוען עס די מענער, די הערךן,
און שלעפּען אליין אויף זיך אַלע שלעק...
פרעג איך אייך, איהר נאַרישע מענער,
וואָס וועט פון אייך זיין?
נור צו הרג׳נען זיך מאַכט איהר פּלענער,
ווי עס געהט אייך אין לעבען אריין!...

●

# פּ ר י ד ע ן

דעצעמבער, 1918

ענדליך איז געקומען די צייט, ווען פילע יונגע לייט
זיינען גערעטעט געוואָרען ווי ניי-געבאָרען.
עס האָט זיי אַלעמען געפעהלט אַ לויט
צו אַ זיכערען טויט.
ווער פון זיי האָט זיך געקאָנט גלויבען,
אַז ער גראַדע וועט בלייבען לעבען?...
פרעהט זיך פריינדע, קוועלט,
עס לעבע דער באַשעפער פון דער וועלט,
וואָס האָט אַלעמען געבוירען
און לאָזט אונז נישט געענצליך געהן פאַרלוירען!
גלויבט אין דעם איבערשטען׳ס השגחה,
וועט איהר האָבען גרויס הצלחה...
ווער וואָלט זיך געריכט אויף אַזאַ מאַן,
ווי דער גולם פּרעזידענט ווילסאָן,
זאָל קענען באַווייזען, אַז דאָס מיליטער
זאָל אַוועקלייגען דאָס געוועהר.

און אַ חוץ דעם,
צושיקען זיי פריי אהיים...
אָה ווי זיס, אָה ווי שעהן,
עס קלינגט דאָס וואָרט  אַ ה י י ם !
איז דען פאַראַנען אַ גרעסערער גליק
ווי צו קומען פריי  אַ ה י י ם  צוריק ?!...
שעהן איז צו זיין אַ העלד,
און פייטען אויפ׳ן פרייען פעלד,
פיעל שעהנער איז אָבער, איהר הערט ?
אָהן אַ ביקס און אָהן אַ שווערד,
נור מיט אַ שרייב־פעדער אין די הענד
צו שאַפען פרידען אויף דער וועלט.
און דאָס מעגט איהר האָבען אין זינען,
האָט דער שוואכינקער ווילסאָן געטאָן...
עס קלינגט ווי א ווילדער חלום.... —
אויפן שפּיץ פען איז געהאַנגען דעם שלום !
וואָלט מען עס אבער פריהער באטראכט,
וואָלט מען דאָך פיעל בעסער געמאַכט —
קאַנאָנען וואָלטען ניט געשאָסען,
בלוט וואָלט זיך ניט געגאָסען,
עס וואָלט גערעטעט מיליאָנען קרבנות,
און נאָך זיי וויסטע יתומים און אלמנות.
עס וואָלט גערעטעט נאָך גאָר יונגע קינדער
פון ווערען אַ קריפּעל אָדער אַ בלינדער...
און ווילט איהר וויסען ווער ס׳האָט געליטען מעהר ?
טאַקע נעבעך אידעלאַך, טאַקע אונזערע ברידערלאַך,
ווייל אין יעדען לאַנד באַזונדער,
געפינען זיך אידישע קינדער.
און צווישען אַלערליי נאַציאָנען,
זיינען אידישע סאָלדאַטען פאַראַנען...
און וואו מ׳לאָזט נור דעם אידען זיצען,
האָט מען פון איהם גרויס נוצען.
און דאָס אייגענטליך טרייבט אונזערע שונאים
אָנצורייצען אויף אונז פּאָגראָמען.
ווייל... ווער איז דער שילער דער בעסטער ? — דער איד.
ווער איז דער קאָפּ־מענש דער גרעסטער ? — דער איד.

ווער פיהרט דאָס שעהנסטע פאַמילי־לעבען ? — דער איד.
ווער האָט עס בעסטע האַרץ צדקה צו געבען ? —
דער איד.
ניט אַ בזיון נור אַ כבוד איז דער נאָמען שיני.
מיר שטאַמען פון גרויסען אברהם אבינו.
אונזערע אבות זיינען די הייליגע נביאים,
אונזערע זיידעס די גרויסע גאונים.
פיין איז די היסטארי וועגען די העברעער,
מיט זייערע העלדען די מאַקאַבעער....
און אימער זיינען באַריהמט מיט גוטע טהאַטען,
די בראַווע אידישע סאָלדאַטען.
די האָבען אָרענטליך געזיכט
צו ערפיהלען זייער פליכט.
און אין גרעסטער געפאַהר אויפן שלאַכטפעלד,
עס אייגענע לעבען איינגעשטעלט
זיי קומט רעספּעקטירען,
מיר בעגען מיט זיי שטאָלצירען,
זייער ארבייט איז גרויס אונגעהייער...
ליידער אָבער קאָסט עס אונז צו טהייער !...
ווייל צו וועלכער כפּרה דאַרף מען דעם זיעג,
ווען ניט דער וויסטער קריעג ?
דער זיעג האָט געבראַכט גרויסע תענוגים —
גאַנצע בערג אידישע הרוגים.
מזרח, מערב, צפון, דרום,
זיינען פאַרפלייצט מיט אידישע קברים.
קברים פון מלחמות, קברים פון פּאָגראָמען,
קברים פון בלבולים מיט רציחות צוזאַמען...
מיר וועלען אָבער ניט אויפהערען האָפען
צו דעם וואָס האָט אונז באַשאַפען,
ס׳זאָל מעהר ניט זיין קיינע מלחמות,
און ס׳זאָל קומען ישיעות ונחמות...

# יעליסאַוועטגראַדער רעליעף פאַרבאַנד

מאי 10, 1919

ווירדיגע פריינד און לאַנדסלייט,
עס איז שוין די העכסטע צייט,
אַז מיר זאָלען ערוואַכען
און אַלעס גוט מאַכען.
דאָס מיינט פאַרשטאַרקען דעם פאָנד
פון ר ע ל י ע ף פ אַ ר ב אַ נ ד.
אַלע גרענעצען ווי מיר האָפען,
וועלען אין גיכען ווערען אָפען.
עס וועט אָנקומען מיט אַמאָל,
אַ גאַנץ היבשע צאָהל,
נאָהענטע באַקאַנטע,
און לייבליכע פערוואַנדטע.
פעראַרעמטע, פערוואָגעלטע,
אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע,
ווי מאנכע פון אונז, ניט היינט געדאכט,
האָבען עס אויך אַמאָל מיטגעמאַכט.
זייער יאָמער, זייער גוויין,
וועט זיין ניט צו צוזעהן . . .
אָבער העלפען וואָס קאָן
איין איינצעלנע פערזאָן? . . .
מיר מוזען זיין גרייט,
איידער עס ווערט שפּעט,
זיך פעראייניגען און בעהעפטען
מיט אלע אונזערע קרעפטען,
אויפצובילדען דעם פאַרבאַנד,
ווי אַ פעסטע וואַנד
מיר זאָלען זיך קענען בעניטצען
ווען ס'וועט קומען צום שטיצען . . .
מיט אַנדערע ווערטער: אידען בני רחמנים!
העלפט מיט אַ ביסעל מזומנים
אַנטלויפט ניט ווי אַ פרעמדער,
און ווערט ביי אונז אַ מעמבער.
עס קאָן אייך קאָסטען נור
איין דאָלאר דאָס גאַנצע יאָהר.

און טאָמער ווילט איהר גיבען מעהר,
מהכתיתה — גיט אַהער!
זאָל אייך פאַר יעדען איינציגען סענט,
דער אויבערשטער צאָהלען מיט פּראָצענט.
למען השם,
טהיט זיך אַ נעהם,
אַלע ווי איינער,
ס׳זאָל ניט פעהלען קיינער!
לייגט צו אַ האַנד,
צום רעליעף פאַרבאַנד.
דאָס וועט זיין גאַנץ שעהן,
פאַר אייך אין אַלגעמיין,
און זאָלען נעבעך אָרעמע מענשען
אונז האָבען וואָס צו בענשען.
מענשען מיט געוויסען ..
מענשען מיט פערשטאַנד,
קומען זיך בעגריסען
צו די מיטינגס פון פערבאַנד.
זיי טרייבט דער איידלער געפיהל
פון טרייהייט, פון רחמנות
שאַפען הילפע איז זייער ציעל.
פאר אונזערע עלענדע מלחמה קרבנות
מיר מוזען עפּעס טהון,
עס איז דאָך אַ ביטערער צער
ווי קען מען עס גאָר רוהען.
ווען די היימאַט איז אין געפאהר
אין אַזעלכע שווערע צייטען
מוזען מיר געהען האַנד־אין־האנד,
פערבלייבט׳זשע ניט פון וויטען
שטעהט אויך צו צום פערבאַנד.
אויב איהר קענט ניט קומען
שיקט צו דאָס ביסעל מזומן
זאָל אייער נאָמען זיין פערשריבען,
מיט די וואָס האָבען געגעבען.
אונזער נאָבעלע אַסאָסיאיישאָן,
ערוואַרטעט פון אייך אַ דאָניישאָן.

# אַן אַפּיעל פאַר די מלחמה קרבנות

אפריל 28, 1917

פראַנק און פריי ווי די פייגעלאַך
זיינען מיר דאָ, ברידערלאַך.
דעם קאָזאַק הערען מיר פאַר אַ פּיאַטאַק,
און פּראָווען שמחה׳לאַך גאַנץ געשמאַק.
אָבער ווען מיר זיינען נאָך אין יעליסאַוועטגראַד,
וואָלטען מיר אויך געהאַט אַזאַ מאַסקאַראַד?
עס פאַלט אָן אַ פחד גאָר צו קלערען,
וואָס פון אונז וואָלט געקאָנט ווערען? . . .
פּאָני וואָלט פון אונז א שפּילעכעל געמאַכט,
און אונז ביסלעכווייז אומגעבראַכט: —
בלבולים, פּאָגראָמען און אַלערליי שלעק,
און וויסטע מלחמות גאָר אָהן אַן עק.
געגען כינעזער, יאַפּאַנעזער און געגען דייטש,
וואָלט מען אונז געפיהרט מיט׳ן וואָיענעם מאַרטש.
עס איז אונז אָבער אַזוי באַשערט,
צו האָבען פּאָנין טיעף אין דרערד!...
און ווייל איהר זייט געבוירען אין אַזאַ מינוט,
ניט צו פאַרגיסען מענשען-בלוט,
זאָלט איהר זיך נעהמען שטאַרק אין זינען
איינער דעם צווייטען גיטס צו טאָהן.
איהר זאָלט עס קיינמאָל ניט פאַרגעסען,
איידער איהר געהט עפּעס עסען,
אַז אין די טרענטשעס פלאַגען זיך ברידער,
פאַרוואָגעלט, פאַרוואָרפען פון ווייב און קינדער.
פילע, פילע, לעבען דאָרט אין גרויסע צרות
פילע, פילע, זיינען שוין אויף די בית-הקברות.
דער חורבן אין די היימען איז שרעקליך גרויס,
דער הונגער קריכט פון הויז ניט ארויס...
עט, וואָס קעהרען מיר פאר זיי!...
אַבי אונז איז גיט... ניט אַזוי?...
איך קען אייך אָבער זעהר גיט,
ווייל איך אליין בין אויך אַ איד.
מ׳דאַרף אייך ניט לייגען א פינגער אין מויל,
וואָס צו טאָהן ווייסט איהר אליין זעהר וואויל.

טהיט עס אָבער ווי פיינע לייט —
ליגט עס ניט אַפּ אויף אַן אנדער צייט.
ווערט מעמבערס צו אונזער רעליעף פאַרבאַנד,
און העלפט צו פאַרגרעסערען דעם פאָנד.
די מלחמה-קרבנות פון דער אלטער היים,
וועלען מיר ארויסהעלפען מיט דעם.



## צו אונזערע לאנדסלייטע.

מאי 1, 1921

פריינדע פון רעליעף פערבאנד
ערשט ווי לאנג האָבען מיר געשפילט אין זאמד
פיעלע פון אייך, איך מאך א וועט,
געדענקען נאָך די שטאָט יעליסאוועט
דאכט זיך נעכטען איז דאָס געווען אין אונזער אלטער היים
ווען מיר האָבען געהייסען פערשייטע קונדסים
טאַטעשע זינדלאך געבאלעוועטע אינגלאך
געשטיפט ווי שקצים מיט גוי׳שע שרצים
קיין אונטערשיד א גוי, א איד
מ׳האָט זיך געהאַלטען סטאַטעצנע און זיך געפיהלט בעזפעטשנע
און ניט געגלויבט ס׳זאָל ווען געשעהן
אז מ׳וועט מוזען פערלאָזען די היים . . .
פלוצלינג מ׳ווייסט ניט פון וואָס און פון וואנען
עס האָבען זיך אָנגעפאנגען פאָגראמען
דער ערשטער יעליסאוועטער פאָגראם
ליגט מיר נאָך אין טעם . .
פון פעדערן אלע גאסען ווייס
צובראכענע מעבעל קופּעסוויים
בעזויפענע הוליגאנעס מיט פעק מיט אָנגעשטאפּטע זעק
פענסטער צושמעטערט, הייזער פארברענט . .
מ׳האָט געהאלטען די נשמה אין די הענד
געוואלגערט זיך אויף בוידעמער אינעם אָנטין
קינדער געשטיק זיי זאָלען קיין פּיפּס ניט טהין.
עס זיינען געקומען שווערע יאָהרען
מ׳האָט געמוזט נאָך אמעריקא פאָהרען

אין א ווילד־פרעמד לאנד
וואָס אבות אבותינו האָבען עס ניט געקאָנט . .
צו פערדאנקען דעם אויבערשטענס השגחה . .
האָבען מיר אין אמעריקא הצלחה
מיר האָבען זיך דאָ אויסגעטויגט
און דער באבעס ירושה ניט דערלעגט
מ'קען זאָגען אויף אזוי ווייט —
אז מיר זיינען מעהר וועניגער אָלרייט . . .
אבער די וואָס זיינען דאָרט פערבליבען,
ווערען נעֶבעך געיאָגט און געטריבען.
עס לעבען איז זיי ניט ניחה
נישטאָ פאר זיי קיין מקום מנוחה
דאָ איבער די פּאָלאקען
דאָ איבער פערשידענע היידאמאקען
מ'האָט מורא פאר דער ליכטיגער שיין,
די באנדעס ארוים, די אריין
בעוואפענטע מיט ביקס און שווערד
מאכען זיי רויט די ערד
רויט פון פייער, רויט פון בלוט
אין אלע רציחות געניט
איהר מעגט עס בעטראכטען גאנץ שעהן
וואָס מ'האָט פון אזעלכע אויסצושטעהן
ווער עס האָט מענשליכעס געוויסען
ווערט איהם זיין הארץ צוריסען
ווען ער באריהרט די פראגע
וועגען דער דאָרטיגער אידישער לאגע
און ווי מ י ר וואָלטען אויסגעזעהן דאָרט
זייענדיג אויף זייער אָרט.
באזארען וואָלט מען געהאָט אין זיננען ? . . .
בעלער וואָלט מען זיך פארגינען ?
מען וואָלט אונז אויך געטריבען און געטריבען
ביז קיין געדעכעניש וואָלט ניט געבליבען . .
פון וואָס זאָל מען רעדען פירהער
אז דער חורבן האָט גאָר קיין שיעור
דעם אידענס פערמעגען איז הפקר
און זיין לעבען אויך ניט זיכער

ער ווייס ניט וואָס צו טהין
און האָט זיך ניט ווי אהינצוטין
נישטאָ זיך וואו צו בעהאלטען
ניט פאר׳ן יונגען, ניט פאר׳ן אלטען
די מענער האָט מען פארטריבען צום שלאכט
און זייערע היימען חרוב געמאכט
צו די פרויען איז גאָר א קלאָג
זיי ווערען געשענדעט טאָג־און־טאג
עס איז ניטאָ זיך מיט וואָס צו בעניצען
מ׳זאָל זיי קענען בעשיצען
די תוכחה איז אויף זיי אויסגעגאָסען
מ׳פייניגט זיי אין די הייזער, אין די גאסען,
עס שוידערט אין קאָפּ די האָר
פון די רציחות וואָס קומט דאָרט פאָר
ס׳זאָל גאָר מעהר ניט געשעהן
וואָס ביז אהער איז שוין געווען . . . .
דאָ פארברענט א דערפעל
דאָ אויסגעקוילעט א שטעדטעל
און וואו נאָר אידען וואוינען
טהוט מען זיי ניט שוינען
מ׳ברענגט אויף זיי דעם גיהנום
היינט אויף דעם, מאָרגען אויף יענעם
עס איז קיין מענשליכער שכל צו פערשטעהן
ווי קען עס דער אויבערשטער צוזעהן
ווי קען ער אזוינס ליידען
ווי קען ער אזוינס פארשווייגען
אָה, הימעלשער טאַטע דו גרויסער
וואו איז דיין רחמנות, וואו איז דיין יושר?
אמת, מיר זיינען זינדיג געגען דיר
אבער אום גאטעס ווילען ווי לאנג איז א שיעור

וויפיל נאָך קרבנות זאָלען מיר דיר געבען?
וויפיל נאָך קדושים דארפסטו פון דיינע אידען?

ווי לאנג נאָך זאָל מען אונז קוילען און שיסען
און אזוי פיעל אומשולדיגס בלוט פערגיסען? . .
ווען די ערד טריקענט אזא בלוט ניט אויס
עס וואָלט פארנומען ווי דער ים די גרויס! . .

זעה ווי מיר טרייען זיי העלפען פון אזוי ווייט
ווי זשע איז דיין בארמהערציגקייט?

וואו איז דיין אלמעכטיגקייט?
וואו איז דיין גערעכטיגקייט?

איז דען אונזער גאנצער זכות אבות
נישט מעהר ווי א בעזער קאטאָוועס? . . . .

אידען זיינען דאָך אזא באַדי
וואָס בעטלען ניט קיין כריסטא ראַדי

מיר האָפען ניט צו קיינעם
אויסער צו דיר איינעם
זיי זיינען מקיים שלח לחמך על פני המים
און טהיילען פיעל צדקה לשם שמים . . .
אבער פריינדע! זאָ לאנג מיר לעבען
זאָלען מיר די האָפנונג ניט אויפגעבען
זשאַלעוועט ניט אייערע דאלערס
פון צדקה טהון ווערט מען ניט בדלות
אייערע א יעדע פרוטה וועט אויפטהון א זאך א גוטע
און אז מיר קענען זיי ניט ערלעזען פון אלעם בעזען
וועלען מיר כאָטש פארקלענערען זייער נויטה
מיט א פיסטנע שטיקעל ברויט.
טהוט עס באלד, טהוט עס גערן
זיי מוזען וואָס גיכער געהאָלפען ווערען . . . .
ווערט געבענשט פון גאָט און פון לייטען
און זייט זוכה צו דערלעבען בעסערע צייטען.



## ניקאָלאַי דער לעצטער

מארטש 15, 1917

פרעהט זיך ווייבער, פרעהט זיך מענער,
וואָס קען זיין בעסער, וואָס קען זיין שעהנער,
רוסלאַנד איז געוואָרען פריי פון דעם צאַר ניקאָלאַי.
אַז רוסלאַנד זאָל ווערען אַזוי דערהויבען,
ווער וואָלט עס געקענט גלויבען,

עס איז נור א נס מן השמים,
אַ שפּוגעל נייער יציאת מצרים.
אידען מעגען זינגען שירה,
זיי האָבען גע׳פּטר׳ט זיין טריפה צורה,
געניג 23 יאָהר געליטען,
אָבער יעצט סקידו! — אוים מחותן!
ניטאָ מעהר פאַר איהם קיין מי שברך,
ער מעג שוין האָבען דעם סוף פון קרך,
אוים מיט הנותן תשוע למלכים.
עס איז געקומען אַ קלאָג נאָך איהם.
קריסטען האָבען אויך פון איהם געליטען,
אַנדערש וואָלטען זיי איהם ניט פאַרביטען
מיט זיין לייבליכען קאַצאַפּ
איז ער געווען אַ ווינציגער חבר-לאַפּ.
זיין פּאָנים באָזשע-צאַריאַ-כראַני,
האָט געשמעקט מיט טשאָרט-יעוואָ-דיערי!
ווייל ניט נור אידען האָבען איהם געהאַסט,
די גוים איז ער אויך געווען צו לאַסט.
איין זכות קען מען יאָ געפינען —
ער איז ניט געווען ביים קלאָרען זינען.
ער אליין האָט ניט רעגירט,
מ׳האָט איהם ביי דער נאָז געפיהרט.
אַלע זיינע נאָהענסטע פריינד,
זיינען איהם געווען די ערגסטע פיינד.
ס׳איז אָבער מעהר רחמנות אויף אַ הונד
ס׳מעג איהם זיין וויי-און-ווינד.
פון גאַנץ יוראָפּ אַ גרויסע טהייל
איז פאַרגאָסען מיט בלוט אויף זיין באַפעהל.
עס איז זייער, זייער אַ ביטערער צער
אויף אַזאַ מאַסע קרבנות — ניט אויפן צאַר....
צום גליק איז אָבער אזוינס געשעהן,
אַז מ׳וועט זיך שוין אָהן איהם באַגעהן.
פראַ-מיר מעג שוין ניקאָלאַי דער צווייטער,
ווערען אַ ווע׳טער אָדער גאָר אַן אָפּרעיטער...

# ווילהעלם דער צווייטער
נאָוועמבער 11, 1918

די גאנצע וועלט איז לעבעדיג און פרעהלעך —
ארונטער געשליידערט נאָך איין מלך.
דעם קאיזער ווילהעלם פון פרייסען,
וואָס מ׳האָט שוין לאַנג געדארפט פערשמייסען.
ס׳איז גוט און וואויל און שעהן,
ענדליך איז דאָס געשעהען.
וואָס אלע האָבען געבעטען,
אויף ווילהעלם׳ען דעם צווייטען.
פון אַלע קיסרים, סולטאַנען,
פון אַלע פערפלוכטע טיראַנען.
איז דאָס געוועזן אַ שלאַק,
אַן אַנטיקעל אַ פרוססאַק!
ער האָט רעגירט זיין לאנד, מיט איין אייזערנער האַנד.
געזאמעלט געוועהר, און פיעל מיליטער.
פיער יאָהר געפלאַמט,
רוסלאַנד, בעלגיום, פראַנקרייך צו׳דם׳ט.
שוין נעבען פּאַריז,
איז געשטאַנען דער ריעז. . . .
ס׳וואָלט איהם אפשר געלינגען,
אַ וועלט איינצושלינגען.
איז אָבער אָנגעקומען אַ בייטש,
און איהם דערצעהלט „א מעשה מיט א דאַטש“
דער אַמעריקאַנער אָנקעל סעם,
האָט זיך געגעבען צו איהם אַ נעם.
און באַלד האָט דער קאַמעראַד,
געמאכט השיבינו נאַזאַד!...
עס מעג ניקאָלייא דער צווייטער,
זיין פאַר איהם אַ בעיטער. —
פון דער גאַנצער ווילהעלם-שפּיעל,
האָט זיך אויסגעלאָזט אַ פּוסטע מיהל.
פרעהט זיך טאַטעס, פרעהט זיך מאַמעס,
פרעהט זיך פריינד, חתנים, כלות.
פון אַזא מעכטיגען קאַיזער,
חאַטש מיט דער טאָרבע אין די הייזער.

# סעמי און ווילי.

נאָוועמבער 22, 1918

די גאַנצע וועלט, האָט גאָר אָנגעקוועלט.
פון דעם געראטענעם סעמי, מיט זיין חבר ווילי.
צוויי באַיעס פון די אַנטיקען, אַ מחיה צו קוקען.
ביידע אַזוינע פיינע, ביידע אַזוינע שטילע.
אָפטמאָל אינאיינעם, ניט טשעפּענדיג קיינעם.
פלעגט מען זיך אמוזירען, און פריינדליך דעבאטירען,
זייערע דעבאטען, ווי ביי עכטע פּאטריאָטען.
איז בעשטאַנען אַם מעהרסטען,
ווי צו פיהרען זיך אַם בעסטען.
וואָס מיינט עס אַ מאַן אַ גרויסער,
וואָס הייסט האַנדלען מיט יושר.
און שאַפען פרידען, אַלע זאָלען בלייבען צופרידען.
קען דען זיין שעהן, ווי הינט איבער אַ ביין.
זאָלען זיך מענשען רייסען, צופּען און בייסען.
אָה ניין, ניין.אַזוינס טאָר ניט געשעהען!...
אין אַ שעהנעם פאַרנאַכט, גאָר אומגעטראַכט.
אין אַ פעלד אַ לאַנגען, זיינען זיי פערגאַנגען.
און אזוי ווי זיי געהען, האָבען ביידע דערזעהן.
פון גרויסער ווערטה, אַ דיימאָנד רינג אויף דער ערד.
זיי וואַרפען זיך פלינק, צום דיימאָנד-רינג.
גאָר ניט ווי פריינד, נאָר ווי בייזע פיינד.
פון די ביידע יונגען, איז ווילי'ן געלונגען.
די מציאה דערטאַפּען, און דעם רינג אַריינכאַפּען.
ניט לאַנג געטראַכט, האָט מיט זיין גאַנצער מאַכט.
סעמי ווילי'ן צוקלאַפּט, און דעם רינג אַוועקגעכאַפּט.
ווילי וויינט נאָך און שרייט, אָבער סעמי איז שוין ווייט...
מאָראַל :
ניט שטענדיג איז דאָס דער העלד,
וואָס בלייבט איינער אויפן פעלד.
און ווען דער קולעק באקומט דאס רעכט,
איז טאַקע שלעכט.

# תלמוד-תורה.

מאי 3, 1920

שמעו נאָ רבותי אחי ואחותי!
׳ותלמוד תורה כנגד כלם׳
דער פּסוק איז בעקאַנט דעם גאנצען עולם
ווירקליך! גיבט עס נאָך אזא טהייערע זאך
ווי אונזער הייליגער תנך?
תורה נביאים וכתובים
זיינען דאָך געטליכע כתבים.
די תורה איז דעם אויבערשטענס זעגען
די תורה איז אונזער גרעסטער פערמעגען
ווייל די גאנצע וועלט האָט אנערקענט
אז בעסערס דערפון איז נאָך ניט געווען . . .
אויך גרויסע ווערטער זיינען אונז פערבליבען
וואָס די תנאים האָבען געשריבען: עי
עטרת זקנים בני בנים
ותפארת בנים אבותם
קינדער זיינען די קרוין פון אלטע לייט
ווען זיי זיינען נור ניט צו פיעל פערשייט
און עלטערען מיט לייטיש פיהרונג
זיינען פאר קינדער דאָס שעהנסטע צירונג
אבער בעוונותינו הרבים איז גאָר קיין וואונדער
וואָס אמעריקאַנער אידישע קינדער
ווי להבדיל שקצים אין גאס
לויפען אום פּוסטע פּאס
ווייל טאַטע-מאמע ווילען זיך ניט בעמיהען
זיי אין אידישקייט צו ערציהען . . . .
פרעגט זיי בחרם ווער איז אזוינס דער בורא
און וואָס איז אזוינס א תורה
זיי וועלען אייך אָנקוקען ווי די גרים
אָדער פשוט ווי די גראבע חזרים . .
ווייסט עפּעס א זשלאב דעם טעם פון צימעס?
דאָס זעלבע ווייסען זיי פון א שטיקעל חומש
זיי ווייסען ווי צו פייטען מיט׳ן קולעק
אַבער פון א צלם ביז אן אלף איז ביי זיי קיין חלוק.

עלטערן, נעמט עס גוט אין אכט
און טהוט אמאָל וועגען דעם א טראכט —
ווען איהר וועט פיר אייערע קינדער ניט קערן
וואָס וועט פון זיי ווערען?
פון חרפּה פון בושה וועט איהר זיך שטיקען
זיי וועלען אויף אייך ניט קענען קוקען
זיי וועלען הייסען עכטע אמעריקאנער
און איהר ביי זיי ווילדע אינדיאנער.
אחר מאָה שנה וועט מען אייך דערמאָנען
ווי מ׳דערמאָנט ביי איוואנען.
מעגליך זיי וועלען נאָך אייך טאקע קלאָגען
אָבער ניט אמאָל א קדיש אָבזאָגען
און אז איהר האָט ווירקליך דערפאר מורא
דאן פיהרט זיי אין תלמוד־תורה
וואו ס׳זיינען דאָ גוטע מלמדים
פאר קלענערע און גרעסערע תלמידים
זאָלען אייערע קינדערלאך עטוואס געניסען
וואָס א איד האָט נויטיג צו וויסען
בזכות זה וועלען זיי אייך וואקסען מענשען
וואָס גאָט און לייט וועלען זיך אין זיי בענשען



## 25 יאהרעס-פעסט פון אנשי אחים יעליסאבעטגראד בענעוואָלענט אסאסיאיישאָן.

איך בעגרים אייך מיינע ליבע פריינד
צו דער שמחה וואָס מיר האָבען היינט
מיר זיינען אליין ביי זיך די געסט
צום 25טען יאָהרעס־פעסט.
הויך געשעצט איז אונזער סאָסייטע
א געמיינדע אריבער 400 לייטע
׳אנשי אחים׳ מענער, ברידער
רופען זיך אונזערע מיטגלידער
מיר קומען אלע פון איין לאנד
איינער א צווייטען גוט בעקאנט
קוקט זיך איין צום גאנצען קראוד
אלע אונזעריגע פון יעליסאבעטגראד.

פיעל גליק ווינשען מיר צו די
וואָס האָבען ניט געזשאַלעוועט קיין מיה
און שטענדיג געארבייט ווי געהער צו זיין
צו וואויל אם בעסטען פאר׳ן פעראיין
אלע ווירדיגע עקס פרעזידענטען
קומט די שעהנסטע קאָמפּלימענטען
די בעאַמטע וואָס האָבען געטריי געדינט
האָבען דעם בעסטען דאנק פארדינט
פיעלע ברידער האָבען מיר
וואָס זייער ווערטה האָט גאָר קיין שיעור
איך וועל אנצייגען יעצטיגעס מאָל
בלויז א קליינע צאָהל
דער פאָטער און גרינדער פון דעם פעראיין
צבי וויים געזונד זאָל ער זיין
ער זאָל זיך פיהלען שטארק און פעסט
זאָגאר צום 50טען יאָהרעס פעסט.
איהר וועט מסכים זיין דערויף
אז איהם קומט אַ פיינער מזל טוב
ער האָט ווירקליך צו שטאָלצירען
זעהענדיג ווי מיר פראגרעסירען
איהם קומט היינט 25 שמייך
און א דעפּאזיט איינעם א חוץ
מיר וועלען דערלעבען נאָך אזא קיים
וועט ער קעטשען פון אונז א רייז
פרעגט זע פאר וואָס קומט עס איהם?
וואָס האָט ער אונז אזוינס געטהין? —
ער האָט אונז 10 מאָהל ניט דאָ געדאכט
אָהן טאַטע-מאמע פאר ברידער געמאכט . . . .
ווער איז צו איהם גלייך אצינדערט
ער איז דער טאַטע פון די 400׳
ניט פון די גאָר-גאָר הויכע
נור פון געשוואוירענע ואהבת לרעך כמך
וועגען ישראל קאמינסקי קאָן איך זאָגען —
אזוינע ברידער מעג מען האָבען
כאָטש אם וויינינגסטען א פּאָר טיץ
זיי וואָלטען גיט געקומען צוניטץ

ער בעשפּרעכט א זאך פליין און וואויל
פערל שיטען זיך פון זיין מויל
פאנגט ער עטוואס אָן ערקלערען
איז שוין דאָ וואָס צו הערען
ווי א געניטען גענעראל
יוזען מיר איהם איבעראל
קומט וואָס וויכטיגעס צו טהון
שטעלען מיר איהם אויבענאָן
ווייל דאָס איז א מאן א שטיק גאָלד
אלע גלייכען איהם גאָר א גוואלד
ניט אומזיסט האָבען מיר איהם אנערקענט
אלס האָנאראייבעל עקס פּרעזידענט
ברודער בראדסקי איז א מאן
געזונד און שטארק זאָל ער זיין
בעזוכט נאָך יעמאנד די מיטינגס מעהר
ווי ער אונזער סטעדי טרעזשורער?
ברודער סעגאלאָף איז א מאן
וואָס איז ווערטה געלויבט צו זיין
זעלטען ווען ער נעהמט דאָס ווארט
אבער וואָס ער זאָגט איז פערווי־סאָרט.
ברודער לאנדסמאן אין א מאן
ניט פיל אזעלכע זיינען פערהאן
רעדען רעדט ער ניט א סך
און וואָס ער זאָגט איז צו דער זאך.
ברודער פריימן איז א מאן
אָהן שום טאַראראם
זיין מיינונג אויסצוהערען
זיינען תמיד אלע גערען.
ברודער טיאמקין אין א מאן
וואָס גלייכט ביי יעדען מיטינג זיין
ער איז אלעמען באקענט
אלס נאָבעלער אינטעלליגענט.
ווער עס וויל א דזשענטעלמאַן
זאָל געהן צו די ברידער נאדעלמאן
עס מעג אפילו דונערן און בליצען
מאכען זיי מ׳זאל א ברודער שטיצען.

ברודער באראנאף איז א מאן
ניט פיעלע קענען וואָס ער קאָן
אין סאָסייעטי ביזנעס איז ער געניט
און האָט געארבייט פיעל און גיט.
ברודער ברעוודע איז א מאן
ווי מ׳זאגט עי-נומבער-וואָן
איהם צו הערען איז א חיות
ער האָט זיך גאנץ פיינע איידיעס
ברודער קאטליירעווסקי איז א מאן
איינער איבער גאנץ דאון-טאַן
קומט נור עפּעס גוטס צו טהון
איז ער פון די ערשטע אין קון.
פיני דראנאף איז א מאן
וואָס ביי איהם מוז אלעס ריכטיג זיין
מ׳קאָן איהם ניט בלאָפען מיט קיין יאָהרען
ער געדענקט א יעדען פון געבאָרען.
דוד ליראף איז א מאן
וואָס גלייכט ניט צו מאכען פאָן
וואָס אויפ׳ן לינג איז אויפ׳ן צינג
דער אמת איז איהם חשוב׳ער פון אלסדינג.
ברודער טארגאף איז א מאן
מיט אויסער-געוועהנליכען טאַלאַן
ער איז א גוטער סעקרעטאר
און פיהרט עס פינקטליך צו דער האר.
ברודער אפרים איז א מאן
אזא יאָהר זאָל מיר זיין
ער האָט אבער שלעכטע שכנים
און מוז זיך נעבעך אליין בארוימען.
איך קאָן אייך אבער זאָגען דערביי
אז צום פעראיין איז ער באמת געטריי
ער וועט איהם ניט פערבייטען פאר קיין געלד
פעריין איז איהם עס בעסטע אין דער וועלט.
אין טרעזשורי פערמאגען מיר ניט קיין סך
אין מעשים טובים זיינען מיר רייך
אין שטיצע ליגט די גאנצע מאכט
וואָס האָט אונז בעריהמט געמאכט

מיר האָבען ווינציג געזאמעלט קאפיטאל
אבער פיעל הילפע געבראכט איבעראל
אלע קרעפטען שטרענגען מיר אָן
ווי עס קומט נור עפעס גוטעס טהון
געזונד זאָלט איהר זיין מיינע ברידער
מיט אייערע ליבע ווייב און קינדער
אלע טאַטע־מאמעלאך זאָלען זיין געזינד
און נחת האָבען אין א יעדען קינד
איך ווינש פון דעם טיפען הערצען
איהר זאָלט בעהיט זיין פון אלער שמערצען
מעהרען זאָלט איהר זיך ניט אויפהערען
גרעסער־גרעסער זאָל די סאָסייטע ווערען.



## 30 יאהרעס־פעסט פון אנשי אחים יעליסאבעטגראד בענעוואָלענט אסאסיאיישאָן.

העללאָ, שוועסטער!
העללאָ, ברידער!
לכבוד היינטיגען יום־טוב
גיב איך אייך דרייסיג מאָל מזל־טוב
היינט איז דער דרייסיגטער סעלעברייישאָן
פון אנשי אחים אסאָסיאיישאָן
דרייסיג יאָהר איז שוין א שטיקעל צייט
וואָס האָט אונז געמאכט פאר אלטע לייט
וועגען 30 יאָהר איז גוט צו רעדען
ווען ס׳איז דאָ וואָס צו דערמאָנען אין פריידען
אבער מיר האָבען שוין פארזוכט גענוג זאליך
געהאַט קאלט ז׳ווארמס, ווארמס ז׳קאלטס
זאזנייעט גרויסע מלחמות
דערוואַרט זיך אויף קיסרים מפלות
א סך אונזערע ליגען שוין מיט׳ן געזיכט ארויף
זיי האָבען ניט דערלעבט יעצטיגען יום־טוב
זייענדיג פילייכט שטארקער ווי מיר
געפינען זיי זיך שוין מחוץ לעיר
ווער אויף סעקשאָן פייף ווער אויף סעקשאָן טרי
ווער אויף מאונט־כרמל סעמעטערי.

דאָס זעלבע האָט געקענט מיט אונז געשעהען
ווייל אז מ׳זאָגט גנה! מוזען מען געהן
ס׳העלפט ניט קיינע טענות
מ׳בלייבט ווי אבגעשלאָגענע הושענות.
ס׳איז נאָך גוט אז מ׳האָט כאָטש א פּול
צו קומען צו קבר־ישראל,
אז מ׳שעלט דיך ניט אוועק פונאויבען
פארוקענדיג ווי צאָלענט אין אויוועזן
ווי מ׳וואָלט דארפען בנפשי דער טויטער גוף
זאָל זיך עביג געפינען אויבען־אוף . .
וועל! ווער עס גלויבט אין אזא מין קבר אבות
זאָל זיך משוגע מאכען אויף זיינע הוצאות
דערווייל מעגען מיר זיך פרעהען
וואָס מיר האָבען דערלעבט צו זעהען
אזא גראסארטיגע געמיינדע ארום זיך
וואָס זיינען בה״ש לעבעדיג און פרעהליך
און מיט וועלכע מ׳פיהלט זיך צוזאמען
ווי פון איינע טאַטע־מאַמען
ברידער, מיט׳ן מויל נור צו ווינשען
איז ניט פון די גרויסע קינצען
הערן ווינשען איז דאן כדאי
ווען עס הארץ איז אויך דערביי
מיט בעסטען געפיהל קום איך אייך בעגריסען
ס׳ווילט זיך אייך האלזען און קישען
איהר זייט די טייערע, די פיינע
וואָס איך בין אייערער און איהר זייט מיינע
ווייל וויפיל מיר זיינען דאָ פערהאנען
זיינען מיר זיך אין די נויטען געשטאַנען . .
אדרבא, זאָגט אליין,
האָט איהר וועגם אזא סאָסייעטי געזעהן?
ווי מ׳איז זיך אזוי געטריי און איבערגעבען
מיט׳ן גאנצען הערצען, מיט לייב־און־לעבען.
קיין סאָסייעטי קאָן זיך ניט פערגלייכען
צו אונזער יעליסאבעטגראַדער אנשי אחים.
דער פינאַנס רעפּאָרט איז דער בעסטער בעוויז
וואָס איבערצייגט שווארץ־אויף־וויים

ווי ווייט מיר האָבען געזוכט
צו ערפילען אונזער פפליכט: —
מיר האָבען געספענדט היבשע קאפּיטאַלען
און ניט געלאָזט קיין ברודער פאלען.
ווי נור א טשאריטי אינסטיטושאָן
געפינט זיך אונזער שעהנער דאָניישאָן
מ׳טראכט ניט פיל, מ׳ספּענדט
ביז צום לעצטען סענט
און טאָמער איז די קאסע צו קליין
טעקסט מען זיך פון די פּאקעטס גאנץ שעהן.
איך׳ל זיך אבער ניט פארשפרייטען מיט שבחים
און ניט ארייננעהן אין הויכע דרכים,
ווייל ווי מ׳זאָל ניט זיין געהויבען
דארף מען זיך ניט לויבען
נאָך מעהר — די אנשי אחים ברוך-השם
האָבען אימער א שעהנעם שם. .
איך ווינש מיר זאָלען שטענדיג געהן באנאנד
און ארבייטען האנד-אין-האַנד.
אחדות זאָל הערשען צווישע אלע מיטגלידער
ווי צווישען געטרייע ליבליכע ברידער
עלטערע זאָלען זיך פלייסען פאר די יונגע
יונגערע זאָלען ניט אָפּשטעהן פון די אלטע
מיר זאָלען זיך דאָ טרעפען פיעלע מאָל ווידער
און זיך צעהלען ביי די טויזענדע ברידער
א יעדער איינער פון זיי
קומענדיג מיט זיין פּרוי
זכר ונקבה
ווי ביי נח׳ן אין דער תבה
א יעדער איינער מיט זיין פּאָר
מיט לאנגע מזל׳דיגע יאָהר
זיי זאָלען מאכען געלד מיטביידע ידים
און האָבען קינדערלאך ווי אין מצרים. . . .
די אנשי אחים יעליסאבעטגראד בענעוואָלענט
אססאָסיאיישאָן זאָל עביג עקזיסטירען
און אימער העכער און העכער פּראגרעסירען!

# 35טע עניווערסערי פון אַנשי אחים
# יעליסאבעטגראד בענעוואָלענט אסאָסיאיישאָן

מארטש 1927

ווערטהע ברידער און טייערע שוועסטער!
הערט אַן אנטיק,
מיט דריי און א האלב צעהנדליג יאָהר צוריק
איז צווישען די היגע פעראיינען
געבוירען געוואָרען א פעראיין מיט יתרו׳ס נעמען,
אַנשי אחים יעליסאבעטגראד בענ. אַסס׳ן. און שוין . . .
מילאַ, יעליסאבעטגראד בענעוואָלענט אסס׳ן
איז א רעגעלער נאָמען פון אן אָרגאניזיישאָן,
אבער מיט א צולאג אנשי אחים
ווערט שוין א גאנצער לאנג והו רחום.
לאָמיר אבער פארבייגען שפּאס אין א זייט
און זיך ערקלערען, וואָס אנשי אחים בעדייט.
אונזערע גרינדער האָבען געוויס גוט געטראכט,
ביז מען האָט דעם נאָמען צוגעטראכט
ווי בעוואוסט איז א נ ש י א ווארט,
וואָס מיינט מענער פון גוטען סאָרט,
און א ח י ם מיינט ווידער,
וואָס ליבען זיך ווי ברידער,
און א נ ש י מיט א ח י ם צוזאמען
מאכט א גאנץ פיינעם נאָמען.
יעצט ווילען מיר זעהן,
זיינען מיר טאַקע אנשי אחים, אָדער ניין?
מיר האָבען ברידער, זיי זאָלען זיין געזונד,
וואָס האָבען דעם נאָמען כשר פארדינט.
איך קאָן זיי אָנרופען מיט די נעמען,
עס ווילט זיך נור ניט דזשעלאָס מאכען קיינעם.
איך מוז אבער באַמערקען אין דער שטיל,
אַז אַזוינע האָבען מיר ניט פיעל,
וועל... עס איז איבעראל אזוי.
ניט אלע מעמבערס זיינען אוי־אוי־אוי.
ביי אונז איז אויך חצי שלך, חצי שלי.
מיר האָבען פון כל מאמינים שהוא...

אבער וואָס וואָלט געוואָרען פון דער סאָסייעטי,
אָהנע די איבערגעגעבענע לייטע
וואָס מען קען זאָגען מיט רעכט,
אז זיי ארבייטען פאר אונז שפּעטע נעכט
ווען זיי טהוען עס ניט אזוי גערען,
וואָס וואָלט געקענט ווערען.
מע וואָלט גאָר ניט געקענט דערלאנגען,
אלעס וואָלט חלילה צו גרונד געגאנגען.
דארום באשווער איך אייך, ברידערלאך,
פיהלט זיך, ווי אמת׳ע פריינטעלאך.
בעזוכט ריכטיג די פערזאמלונגען,
העלפט אין אלע פערהאנדלונגען,
צו אַ יעדען איינציגען מעמבער
וועל איך זאָגען: רעמעמבער,
זאָלען אנדערע פאר דיר ניט שוויצען,
ביזט אויך ניט קליין צו ברענגען נוצען.
איבערהויפּט, איהר, יונגע לייט,
האלט זיך ניט אזוי ווייט.
עלטערע האָבען פיעל געארבייט ביז אהער
שוין צייט איהר זאָלט אויך נעהמען א שער.
איז עטוואָס ניט גענוג אָפּ-טו-דייט,
קומט, אימפּרוווט עס, ווי איהר פארשטעהט.
ברענגט אריין עטוואָס נייעס,
זאָגט עטוואָס גוטס,
לאָזט זיך א מאָהל הערען.
א גוטען ריזען אקסעפּטען מיר גערן.
בארעכענט ווי פיין עס וואָלט געווען,
אייך אלע ביי די מיטינגס זעהן,
מיר וואָלטען זיך מעהר פאראייניגט,
און זעלבסטפארשטענדליך מעהר בעפריינדעט...
עס איז איינגעפיהרט צו טהון זיך גיטס,
חוץ אלע געזעצליכע בענעפיטס.
ניט נאָר צו אייגענע,
זאָגאר אויך צו פרעמדע.
מעלדעט זיך א נאָבעלער אנשטאלט,
אזוי העלפען מיר זיי באלד.

מיר קערען נים פאר די קאסע
און סעפּנדען ווען נויטיג א מאסע.
איז עס עפּעס א וויכטיגער פאל,
שפּאָרען מיר ניט דעם קאַפּיטאַל.
אונזער מאָטא איז ב ר ע נ ג ע ן נ ו צ ע ן
און ווייט מעגליך העלפען און שטיצען,
און דערפאר זאָלען די אנשי־אחים
געבענשט זיין פון דעם אל חנון ורחום,
מיר זאָלען לעבען וואויל
און האָבען פון הכל, בכל, מכל כל. —
מיר ווילען זיך ווינשען א גליקליך לעבען,
מעהרערע יובילעאומס זאָלען מיר נאָך דערלעבען,
און יעדען דעם פארדינטען כבוד אָפּגעבען.
טרי טשירס פאר דער נאָבעלער ארגאניזיישאָן
אַנשי אחים יעליסאבעטגראד בענעוואָלענט אסאָסיאיישאָן!



## 40טע עניוואוירסערי פון די אנשי אחים יעליסאבעטגראד בענעוואָלענט אסאָסיאיישאָן

מארטש 1932

ווערטהע מיטגלידער שוועסטער און ברידער!
עס איז ניט אזוי זים ביים יעצטיגען קריזים
צו פייערען עניוואוירסערים און מאכען פארטים
מע זוכט אָבער טרייסטען די נשמה
אז צרת רבים איז א חצי נחמה
און וואָס ס׳וועט זיין מיט כלל ישראל
וועט אויך זיין מיט רב ישראל
מיר מעגען זיכער האָפּען
צו דעם וואָס האָט אונז באשאפען
אז ער וועט אונז ערלעזען
פון אלעם בעזען
און גאָר אומגעריכט, פון אלע זייטען
וועלען אָנקומען די גוטע צייטען
מיט געזונד, מיט פרנסה
דער אויבערשטער איז א בטוח, נישטקשה
מיט איין האנד שטראָפט ער
מיט דער צווייטער היילט ער

שטאַרקט זיך און זייט באַהיט
אַנצוווערען עס געמיטהה
לערענט זיך ביים פייגעלע
וואָס א ווינט האָט חרוב געמאַכט עס נעסטעלע
ער וועט זיך לאנג ניט זאַרגען
און ניט אָפּלעגען אויף מאָרגען
בלייבט ער צו זיין פּפליכט געטריי
און בילדעט עס נעסטעלע אויף ס׳ניי
האָט נור נישט קיין מורא
און פּארטרייבט די מרה שחורה
אז מ׳וועט לעבען און זיין געזונד
וועלען אלע צרות פארשווינדען מיט׳ן ווינט
איך ווינש ס׳זאל אוועק א גאנג
פון יעצט אָן אויף לאנג
זאָלען זיך די גוטע יאָהרען אומקערען
און מיר זאָלען אלע אויפגעריכט ווערען.



## 20 יאהרעס-פעסט פון יעליסאבעטגראדער לַיידים בענעוואָלענט אסאָסיאיישאָן

אפּריל 1920

ווערטהע שוועסטער די וואָס הייסען
אינדעפּענדענט יעליסאבעטגראדער ליידים
בענעוואָלענט אסאָסיאיישאָן
דער נאָמען איז א גאנץ שעהנער
אבער זעהר א קליינער
ווען ער זאָל זיין אביסעלע גרעסער
וואָלט געווען נאָך בעסער.
איך בעגרים אייך מיט אלע געסט
צו אייער 20טען יאָהרעס-פעסט
מיין בעסטען וואונש שפּרעך איך אייך אויס
די סאָסייעטי זאָל בליהען און וואקסען גרויס.
מ׳האָט שוין פיעל דאָ גערעדט
ביים יעצטיגען באנקעט

אלע זאָגען עדות
אז אונזערע יעליסאבעטגראדער לײדים
זײנען די פײנסטע וואָס קען גיבען
זײ קומט שעצען און ליבען.
אבוואָהל איהר זײנט אינדעפּענדענ׳
דאָך קען מען זיך צו אײך װענדען
אין א יעדע צײט ווי צו אײגענע לײט
װײל איהר זײנט פון די וואָס נעהמען זיך די מיה
װען מ׳דארף אימיצען העלפען און שטיצען
קלאפּט נור יעמאנד אָן װעט מען שוין פאר איהם
עפּעס טהון
איהר מעגט מיר גלויבען הײליג
מ׳װעט איהם ניט ארויסלאָזען לעדיג
האלט זיך שוועסטערלאך פעסט
און טרײעט אײער בעסט
דער פעראײן זאָל װערען דער גרעסטער
פול מיט געטרײע שװעסטער.
אים נאָמען פון דער סאָסײעטי װיל איך דאנקען
די וואָס האָבען דאָ געבראכט געשאנקען.
אָנגעלעגט דארף זײן די גוטע כונה
פיל מעהר פון דער מתנה
װײל א פּרעזענט בעקומט מען מיט עני ביסעל געלד
פרײנדשאפט איז עס טײערסטע אין דער װעלט
און פרײנד אז מ׳װיל זיך קױפען
מוז מען גאָר אויף אן אנדער אופן —
פון א בעז װאָרט דארף מען זיך היטען
און בארעכענען יענעם נור צום גיטען
און אזוי פערהאנדלען אין יעדער פראגע
ארײנגעהענדיג אין יענעמס לאַגע
אבער ניט בלויז מיט׳ן צינג
זאָל מען זיך װינשען אלסדינג
רעדט מיט׳ן גאנצען הארצען
און זעהן קײנעמס פּנים ניט פארשװארצען
אנטלויפען פון רכילות
און מישט זיך ניט אין פרעמדע דילעס.
און װען אײנער האָט אײך שלעכטס געטהין
האָט עס בעסער ניט אין זין

ווען איהר וועט איהם גאָרניט זאָגען
וועט ער אַליין חרטה האָבען.
אזוי זאָלט איהר זיך פיהרען
וועט איהר קיין פריינד ניט פערלירען
מ׳וועט אייך שעצען מ׳וועט אייך ליבען
און גרויס כבוד דאפיר אבגיבען.



## 25טע עניווערסערי

דער אינדעפענדענט יעליסאבעטגראד
ליידים בענעוואָלענט אסאָסיאיישאָן
ניו יארק, אפריל 16, 1925

שוועסטער און ברידער,
אז איהר וועט ניט מאכען קיין גערידער
און אויסהערען מיינע רייד
וועט עס אייך פערשאפען פרייד . . .
איי וויי, וואָס איז דאָרט געווען!
און וואָס איז אזוינס געשעהן?
וואָס האָט אונז צוזאמען-געבראכט
דעם היינטיגען אויפדערנאַכט?
די סאָסייעטי איז געוואָרען 25 יאָהר.
און דאָס איז גאָר! . .
נאָ, אז 25 יאָהר, איז וואָס?
מוז מען זיך פרעהען אָהן א מאָס?
און מאכען א גאנצע פאדי
פאָר עווריבאדי? . .
צעהלט אונז אָפּ 25 שמיץ
מיט א דעפאזיט איינעם נאָך א חוץ,
ווי עס פיהרט זיך ביי לייטען
נאָך פון די אלטע צייטען . . .
מיר ווועלען אבער ווארפען א בליק
מיט 25 יאָהר צוריק
ווען די היבשע סאָסייעטי פון אצינד
איז געווען ווי א קליין קינד
וואָס שארט זיך ביי דער וואנד
מע מוז עס פיהרען ביי א האנד.

ווי אידען אין דער מדבר האָבען געדארפט מן
אזוי האָט געמוזט זיין א פּרעזידענט א מאן
וואָס זאָל מיט די שוועסטער שטודירען
ווי די מיטינגען צו פיהרען . . .
די ווייבער האָבען אבער ניט געקענט הויזען
מיט די מענסבעלשע הויזען.
הויזען זיינען אריין ביי לידים אין סטייל
כאָטש פילע טראגען זיי פארדעקט דערווייל
מ'האָט זיך אונטער געהאַקט די צעפּלאך
און בעקומען קלוגע קעפּלאך.
ווייבער מיט געהירען
האָבען אנגעפאנגען רעוואָלטירען.
וואָס איז דאָס פאר א מצאָצע
זיינען מיר דען פון קלאָטשע? . .
קענען מיר דען ניט אליין
אונזער שטעדטעל באַשטעהן?
וואָס וועט זיין זאָל זיין,
מיר וועלען זיך אליין רעגירען גאנץ פיין!
און אין א שעהנעם דינסטאג אויף דערנאכט
האָבען זיי ביי זיך אָפּגעמאכט
צו הויבען די הענד
פאר א ל י י ד י פרעזידענט
עס איז צוגעגאנגען אביסעל שווערליך,
אבער — ניט געפעהרליך! . .
עס איז אָנגעקומען נישט לייכט,
אבער מ'האָט זיך אויסגעגלייכט . . .
און „דאָלוי מושצין!
דאָ זדראסטוואָיעט צאַרסטוואָ זשענשצין!“
ס'האָט ניט גענומען לאנג,
און ס'איז אוועק א גאנג.
די סאָסייעטי האָט אנגעפאנגען שטיגען
ממש — א פארגניגען,
פון מעת־לעת צו מעת־לעת
אלץ מיט גרעסערען פּראגרעס,
און פון דאן ביז אהער
אלץ מעהר און מעהר.

קוקט זיך איין צו אונזערע פרויען,
מע מעג זיכער זיי פארטרויען
עס איז ווי אָנגעשריבען אויפ׳ן שטערן:
„גוטעס טהין זיינען מיר שטענדיג גערן“.
מ׳דערקענט אין פּנים
אז זיי שטאמען פון די בני־רחמנים.
אויב די אויגען זיינען העל אָדער שווארץ
שפּיגלען זיי אָפּ דאָס אידישע הארץ.
זיי ערפילען די מענשליכע פפליכט,
ווי עס איבערצייגט דער פינאַנס בעריכט
זיי האָבען געשטיצט אייגענע און פרעמדע
אָהן א מאָס, אָהן א ענדע,
מע פראוועט באנקעטלאך
און מ׳קויפט פאר מושב־זקנים בעטלאך
ווי נור א טשאריטי ארגאניזיישאָן
געפינט זיך זייער שעהנער דאָניישאָן
איך וועל זאָגען אָהן שום געלעכטער
איך בעוואָנדער אונזערע אידישע טעכטער
איהר מעגט זיך איינהערען
ווען אייער פינאנס־סעקרעטערין
זי שרייבט העברעאיש און זשארגאָן
בעסער ווי אן אנדער מאנספּערסאָן
און אזוי גוט ווי אידיש
אויך דייטש און ענגליש.
טאַקזשע פּאָ רוססקי פישעט אטליצשנאָ,
בעזאָשיבאָצשנאָ, גראמאטיצשנאָ.
שוועסטער טאָמפּקינס מעג זיך איבערנעמען
כאָטש ניט א בת־יחידה ביי אָנקעל סעמ׳ן.
אין אמעריקע זיינען ליידים עדיוקייטעד
פאר די פיינסטע ביזנעס פּאָרבערייטעט
אבער צו זיין אזוי פיעל איבערגעבען
דאָס זעה איך עס ערשטע מאָל אין לעבען
פאר דער סאָסייעטי לויפט זי עק וועלט
ווען ס׳היין ווען ס׳קעלט
אָט קומט זי אהין אָט קומט זי אהער
עס איז איהר קיין זאך ניט שווער

און ארבייט פלייסיג ווי א קנעכט
דורך די טעג און דורך די נעכט.
אזוי ארבייטען דארף מען קענען
אזא ארבייט מוז מען אנערקענען!
איך וועל אייך נאָך ערקלערען
וועגען דער רעקאָרדינג סעקרעטערין ,
טאַקע מיין איינציגע שוועסטער,
די גארעוויץ אסתר.
שטענדיג אזוי אנגענעהם, אזוי שטיל
און מעג דינען אלס א ביישפיל
וואָס הייסט זיין געטריי,
וואָס הייסט געארבייט פאר דריי.
ווייטער וועל איך מעלדען וועגען דער
וואָס פיהרט ביי אייך דעם טשער
מיט קוראזש — א רעגעלע לוויצע,
כאָטש זי האלט זיך ניט פאר א פריצע.
שוועסטער לעוו איז פון די לעווען
פול מיט ענערגיע, מיט לעבען.
מ׳קאָן זאָגען א ווייבעל א קאָזעק
וואָס פיהרט א טשער ווי א מזיק.
וואָס טויג אייך גליקען,
מ׳דארף אזוינס דעם צונג ניט פיקען
היינט אונזער טשערליידי ספיוואק
א פרוי מיט אגוטען געשמאק
זי פיהרט זעהר גוט דעם טשער
און ווייס וואָס צו עפּעס קער.
איהר קומט פיעל קרעדיט
וואָס איהר זענט יעצט אינדעפּענדענט.
און פיהלט זיך גאָר בעקוועמער
מיטענדיג אָהן מענער . . .
דאָס, שוועסטער, איז נור אַן עקזעמפּעל.
מיר קענען פארנעמען א טעמפּל
אָדער עני גרויסען לאָקאל
מיט אייער אינטעליגנעטען פערסאָנאל.
וואָס מ׳מעג זאָגען אויף זיי:
אי דא באָגאָ, אי דא ליודיי

וואָס דאָס בעדייט:
אי צו גאָט, אי צו לייט
דערמיט וועל איך אייך קאָנגראטולירען,
מיט אזא סאָסייעטי מעג מען שטאָלצירען.
געהט ווייטער אָן מיט אייער פראגרעס
און מאכט גוטען סוקסעס.
העטס אָף פאר די עסים, לינעס, סיידים
און אלע יעליסאבעטגראדער ליידים!..
מיר וועלען אויך דערמאָנען אצינדערט
דעם וואָס האָט די סאָסייעטי געגרינדעט
און געארבייט ביז דער לעצטער מינוט
פון אייער דעקלעריישאָן אָף אינדעפענדענט
ברודער ישראל קאמינסקי אלס ארגאנייזער
און אייער ערשטער וועג ווייזער.
אויך אלע מענער עקס פרעזידענטען,
עקס סעקרעטערס און אַנדערע אסיסטענטען
און ווען איהר קומט נאָר מיטטען
מעגט איהר זיי דערמאָנען צו גיטען.
מארקט אויבען אָן אויף אייער באננער
די נעמען פון די דאָזיגע מענער.
און גיבט פולע אנערקענונג דעם פאטער
פון אייער גלענצענדען טשארטער...
צום שלום וויל איך ווינשען
איהר זאָלט הולען און טאַנצען
געשמאק טרינקען און עסען
און אטענדען די מיטינגען ניט פארגעסען.
מ׳זאָל אייך פערשפארען בעטען
אז איהר זאָלט כאָטש קומען צום גרייטען.
בעזוכט אלע מיטינגען ריכטיג,
ווייל דאָס איז זעהר־זעהר וויכטיג
אום די סאָסייעטי זאָל שטיגען און שטיגען
צו אונזער שטאליץ און פערגניגען...
און מיר זאָלען פיעלע מאָל פייערען
נאָך אזא יום טוב אייערען.
טרי טשירס פאר דער אָרגאניזיישאָן
אינדעפענדענט יעליסאבעטגראדער ליידיס
בענעוואָלענט אסאָסיאיישאָן!!

# האָט אייך איין גוטען...

איהר ווילט איך זאָל אייך מאַכען
אביסעלע צום לאַכען
וועל איך אייך טהין דעם טענוג
און האקען אַ טשאנעק...
איך בין ניט קיין בדחן און ניט קיין זינגער
אָבער פון מיין זאָגען לעקט מען די פינגער...
צוערשט ווינש איך אייך עי גוד העלטה
און זאָלט ווערטה זיין אַ סך געלד
עסען זאָלט איהר געשמאַק, אויף בײדע באַקען
און קאנען טהין...אַ לאך אַ געשמאַקען
די בויעס זאָלען האָבען שעהנע מיידלאך
און די מיידלאך, אמאָל, אויך שעהנע מיידלאך
די ווייבלאך זאָלען ווערען וואָס אַ טאָג שעהנער
און האָבען אַ גוד-טיים מיט זייערע מענער
זיי זאָלען האָבען ביים מאן די גאַנצע דעה
און סייפען אין סטאַקינג אַ פעטע מטבעה
ס׳זאָל אייך ניט פעהלען קיין שום גוטע זאך
און זאָלט נאָך האָבען קינדערלאך אַ סך.
נאָר מיט דאָקטוירים האָט גאָר ניט צו טהין
חוץ צום געבורט פון אַ טאָכטער אָדער אַ זיהן
ס׳האָט אמאָל געזאָגט א קלוגער קערל
(מיר דאַכט ער האָט אויך געהייסען בערל)—
איידער אָנצופאַנגען זיך מיט דאָקטוירים
איז שוין גלייכער צו האנדלען מיט חזרים
פון חזיר׳שע ביזנעס לעקט מען אַ פעט ביינדעל
אָבער קרענקען איז גאָר ניט אַזא שעהן חן׳דעל
דערפאר טאַקע זאָלט איהר מיר זיין געזינט
און וועגען צו צוויי הונדערט פינט
און אַז איהר וועט וועגען מעהר
וועט אייך קאָסטען דאסזעלבע קארפער.
און יעצט אַז איהר ווילט לאַכען, איז גיט,
זאָנסט נויטה איך אייך חלילה נים.

# מ אַ מ אַ .

אידישע טעכטער, הערט זיך איין,
וויל איך אייך ערקלערען וואָס הייסט שעהן.
דאָס שעהנסטע אין דער וועלט איז א מאמע צו זיין
דאָס ברענגט אייך דעם ליבליכסטען חן
מ אַ מ אַ איז א וואָרט אין אלע שפּראך
ביים יונגסטען ווי ביים עלטסטען קינד.
דאָס וואָרט מ א מ א בעדייטעט גאָר א סך
פאר א יעדען הויזגעזינד.
אַ מאַמע שענקט עס לעבען אלעמען,
אָהן איהר וואָלט די וועלט קיין קיום געהאַט
איהרע כוחות וועט זי ניט שאַנעווען
און גוטעס טהון ווערט זי ניט מאַט.
באַטראכט די גדולה פון דער מאמען
ווען זי שפּילט זיך מיט איהר קינד,
זי שטיפט, זי טאַנצט מיט דעם קינד צוזאמען
ווער איז צו איהר גלייך אצינד.
און מיט א מינדעסטען חן׳דעלע
באריהמט זי זיך פאר אלע
איין-קליינינקייט! עס בעיבעלע
קען שוין זאָגען מ אַ מ אַ .
און ווען עס ווערט פעהיג צו געהן אין סקול
פיהרט עס די מוטער פאר׳ן הענטעל
עס ענטפלעקט זיך פאר איהר מיטאַמול
א שפּאָגעל נייעס גליקליך וועלטעל.
שפּעטער ווען סע קומט די בר-מצוה
וויפיל פרייד פערשאפט עס איהר
ווינשט איהר מזל-טוב, האָט א מצוה,
ווייל איהר פרייד איז גאָר אָהן א שיעור.
ווי דערהויבען עס פיהלט זיך יעדע מוטער
איהר קינד צו דער חופה פיהרענדיג
זי שמירט זיך עס הארץ מיט פוטער
שוין לאנג זיך געוואונשען אזא גליק
און וואָס מעהר קינדער א מוטער האָט
אלץ מעהר זיינען זיי איהר ליב און טהייער
זי קען זיך אין זיי ניט אנשפּיגלען זאט
און וואָלט געשפּרינגען פאר זיי אין פייער

און קוים טהוט עפּעס וועה דעם קינד,
איז ניט צי צו זעהן דער מוטערס צער,
זי לעגט אוועק איהר גאנץ געזונד
צו רעטען עס פון געפאהר.
זי וועט ניט שלאָפען דורך די נעכט,
זי וועט ניט טרינקען, ניט עסען,
זי צאנקט און צאנקט ווי א לעכט
און נור ביים קראנקען קינד געזעסען.
וויפיעל זיינען אויך פערהאן מאמעס
וועלכע פלאגען זיך אָהן צאָהל.
ווען זיי בלייבען נעבעך יונגע אלמנות
און טראכטען ניט צו הייראטען נאָכאַמאָל.
וואָס הייסט... עפּעס גאָר א שטיף טאַטען
זאָל איך מיינע יתומימלאך געבען?
מיינע אייגענע שוועלבעלאך פערראטהען
וועט עס ביי מיר קיינער ניט דערלעבען!
ווייל פאר קינדער כל עבודת פרך
איז דער מוטער ניט שווער צו טהין,
און ביז זי ברייגנט זיי ניט אויף א דרך
לאָזט עס זי ניט רוהען.
עס איז צו בעוואונדערען וואָס א מאמע בעדייט,
ניט אָבצושאַצען איז איהר גרויסע ווערטה.
נור א מוטער מאכט מענשען פאר לייט.
פאָלגען זאָלט איהר א מאמען... איהר הערט?..
שוועסטער, אים נאָמען פון אייערע מאמעס
וואָס האָבען אייך עס לעבען געשענקט
נעהמט ניט דעם ביישפּיל פון די דאמעס
וואָס פיהרען זיך ניט ריכטיג... געדענקט!..
טהוט ניט נאָך אָט די פענסי ליידים
וואָס טרייען קיין מוטער ניט ווערען
זיי שרעקט דער געדאנק פון געבוירען בייבים
זיי זאָלען חלילה דעם שעיפּ ניט אָנווערען
שוועסטער, פארשוועכט ניט דעם הייליגען צוועק.
פאָלגט די פפליכט צו דער נאַטור
אייער געוויסען זאָל זיין ריין, אָהן א פלעק,
און זייט מאמעס פון קינדער מיט לאנגע יאָהר.

# נחמה׳לע.

סעפטעמבער 16, 1934

א מיידעל האָב איך אמאָל דערזעהן
זי איז מיר געפעלען מיט׳ן ערשטען בליק
דאָס איז מיין ליעב נחמה׳לע געווען
מיין לעבען און מיין גליק.

(כאָהר נאָך יעדען קופּלעט)

אָה ווי גיט, אָה ווי וואויל, אָה ווי פיין!
ס׳זאָל אונז ניט פארשטערט זיין —
די מאַמעלע נחמה׳לע זאָל זיין געזונד
און נחת האָבען אין א יעדען קינד.

עס איז שוין 59 יאָהר
אז מיר לעבען ווי צוויי טייבעלאך
א געזינדעל זיינען מיר א היבשע פּאָר
ליבליכע מאן-און-ווייבעלאך (כאָהר)

צעהן קינדער אויף דער וועלט געבראכט
און אלע ערצויגען שעהן און פיין
געארבייט ארום זיי טאָג ווי נאכט
ווי ס׳קען גאָר בעסער ניט זיין (כאָהר)

א באבע און עטליכע צעהנדליג פאלעס
איז זי שוין ביז אהער
האָפענדליך איז עס נאָך ניט אלעס
ס׳וועט זיין מעהר און מעהר (כאָהר)

אלע האָבען זי זעהר ליעב
די קינדער ווי די איינעקלאך
קומט זי נור צו זיי אין שטיב
באפאלט מען זי ווי די פייגעלאך — (כאָהר)

העללאָ מאַמאַ! העללאָ גרענדמא! . .
און פיסקלאך פליהען אָהן א שיעור . .
ווי איז פאפא? ווי איז גרענדפּא? . .
פרעגען זיי באלד ביי איהר. (כאָהר)

קינדער מיינע טהייערע
פארגעסט ניט וואָס איך זאָג אייך אָן:
באשעהנט די מאמע אייערע
וואָס האָט אייך גיטס געטהון (כאָהר)

איהר צו שאפען פערגניגען
ווענדט זיך אין א קלייניגקייט —
איהר זאָלט זיך קיינמאָל נור ניט קריעגען
און זיך פיהרען ווי דזשענטעללייט (כאָהר)
און זאָל די מאמע שטענדיג זעהן
ווי איהרע קינדערלאך זיינען פיין.
זי וועט האָבען נחת, זי וועט זיך פרעהען
און וועט גליקליך זיין. (כאָהר)

●

##ביים איינעקעלס ברית מילה

מאי 20, 1919

ליידים ענד דזשענטס
מיט די סטיילישע סקוירטס און פענטס
איהר ווילט דאָך געווים
איך זאָל רעדען וועגען ברית? . .
זאָג איך אייך — אז שמחות אזוינע
ווינש איך ניט קיין שונא.
נור ווי איך האָב ערגעץ א פריינד
פון אמאָל און פון היינט
און ווער נור עס ווינשט מיר גיטס
זאָל פראווען ברית'ן אויפ'ן טיץ.
אפשר ווילט איהר ניט? . . אומיסטען! . .
זאָל זיך אייך דוקאָ יאָ געליסטען
זאָ לאנג איהר זענט יונג
פארגינט זיך אלסדינג
ווייל אויף דער עלטער
ווערט מען קעלטער
ווי זאָגט מען עס — מעהר גנבים מעהר שטריק.
מעהר קינדער מעהר גליק.
איך וויל אייך אבער זאָגען אָהן געלעכטער —
אז בעסער איין זוהן איידער צעהן טעכטער . .
עס האָט גאָר א שעהנער פּנים
עס קומט נאָך א מיטגליד צום פאמילי-נאָמען
מיט טעכטער איז עטוואס בעזאָנדערם —
זיי מוז מען האָדעווען פאר אימיצען אנדערש

עס איז ניטאָ וואָס צו ריידען
אז באַיעס איז בעסער ווי מוידען . .
אַי וואָס וואָלט עס געהאַט פאר א זיננען
ווען אלע וועלען נור האָבען זיהנען ?
דער תירוץ איז —
ווערמען ארט עס ? . .
אפּעסען זיך עס הארץ איז ניט כדאי
מיידען וועט ניט פעהלען סיי וסיי,
ניט ביי געצלען, איז ביי זרח׳ן,
ניט ביי זרח׳ן, איז ביי ברוך׳ן
עס וועט נאָך סטייען מיידען
אפילו פאר׳ן טערקישען גן־עדן
און דערפאר וויל איך פון גאָרניט וויסען,
און הייס אייך פראוווען גאָלע ברית׳ען.



## די באַבע מיט׳ן זיידען

מאי 25, 1919

דער זיידע בער איז א פיינער הערר
די באבע נחמה א פיינע דאמע.

כאָהר

האָפּ צוק זיידעניו,
האָפּ צוק־צוק באָבעניו

דער זיידע ארבייט פּרינטעריי
די באבע העלפט איהם צו דערביי (כאָהר)
דער זיידע דרוקט ביכעלאך
די באבע באקט קיכעלאך (כאָהר)
האָט דער זיידע וואָס פארטראכט
די באבע האָט עס שוין געבראכט (כאָהר)
וויל דער זיידע עפּעס וואָס
דערלאנגט די באָבע מיט דער פולער מאָס (כאָהר)
אלע מאָל מאכלים נייע
וואָס זיינען פשוט א מחיה (כאָהר)
דערשמעקט זי נור אז עפּעס וויל איך
ברענגט זי שוין פון פויגעל-מילך (כאָהר)

זי טרעפט מיר צו פונקט צום רימעל
אפילו דאָס טעלערל פונ׳ם הימעל. (כאָהר)
און וואָס דער זיידע זאָל ניט טהון
טהיט די באבע אויך מיט איהם (כאָהר)
שטענדיג זעהט מען זיי באנאנד
ווי זיי פיהרען זיך האנד־ביי־האַנד (כאָהר)
אוי באבוניו קום אהער
צוקוש זיך מיט דיין אלטען בער (כאָהר)
כאָטש דו ביזט שוין גראָה און אלט
גלייך איך דיר גאָר א געוואלד (כאָהר)
דו ביזט מיר שעהן, דו ביזט מיר פיין
דו זאָלסט מיר זיין און זיין און זיין (כאָהר)
דו זאָלסט מיר תמיד זיין געזונד
מיט דיין גאנצען הויזגעזינד (כאָהר)
די טעכטערלאך די שנירעלאך
די אייניקלאך די זיהנדעלאך (כאָהר)
פון קליין ביז גרויס פון גרויס ביז קליין
ווי זיי ווינשען זיך אליין (כאָהר)
שאַט נור שאַט אוועקט אין זייט
באַבע־זיידע געהן טאַנצען ביידע (כאָהר)
שטעה זע אויף הערצעלע
קום מיט מיר א טענצעלע (כאָהר)
מיט׳ן טיפּ און מיט׳ן קנאַק
געה מיר לעבעדיג האָפּ צוג צאַק (כאָהר)



## צום אייניקעל מילטאָן סטעווין׳ס בר מצוה.

דעצעמבער 1, 1917

צו דער בר מצוה אצינד ביי מיין טאָכטערס קינד
וויל איך עטוואס רעדען פון גרויס פריידען.
א פּאָר גראמען מיינע הערען און דאמען
האָב איך פערפאסט ווי אונז פאסט
צוערשט קומט נחמה ווייל פוירסט איז די מאמע
נאכהער וועלען מיר זעהן מיט א נעקסט אָנצוגעהן.
הערט זע קינדער עס איז גאָר קיין וואונדער
וואָס זי איז מיר טהייער אונגעהייער.

איהר שעהנער נאָמען פאסט זיך צום פנים
נח(אַ)מה איז מיין נח(אָ)מה מיין לעבען מיין נשמה
און ווען איך רעד צו איהר הערט זי נור פון מיר
אָדער נחמה׳ניו אָדער ליובעניו
וואָס טויג איהר צירינג וואָס טויג איהר דיימאָנד
ווען זי אליין איז מיר מלא חן
רייכטהום האָט קיין ווערטה איך האָב דאפיר ניט געקערט
און בענק ניט נאָך דעם האָבענדיג אזא זיסע היים.
מיט 43 יאָהר צוריק האָב איך געהאַט דאָס גליק
זי צו בעקומען און איהר ליעבע צו געווינען
43 מזל׳דיגע יאָהר אז מיר זיינען א געווינשטע פּאָר
און געטריי איז זי מיר . . א לעבען צו איהר ! . .
זי וועט ניט געניסען אָהן מיר קיין ביסען
און אטטענדעד מיך בעסער ווי זיך
איך מעג מיך ניט שעהמען מיט איהר צו באריהמען
דען עס גיבט ניט א סך וואָס זיינען צו איהר גלייך
א שעהנעם ברוך־הבא מאכט פאר דער באבע
מיט הויכען געשריי הורריי ! . . הורריי ! . .
די גמרא זאָגט : — יאַקאַ קוריניאַ טאַקאַ נאַסיניאַ —
א גוטער גאָרטען ברענגט גוטע פרוכטען.
צום ביישפּיל ניוני אָדער סערע פערשאַפען אונז גרוים עהרע
איך זאָג עס אָהן א געלעכטער איך שטאָלציר מיט מיינע טעכטער
זייער ריידען איז טעם גן־עדן
פליין, ריין, דעם זיבענטען חן
יעדעס וואָרט ווי א זיסער אַקאָרד
וואָס געלוסט זיך הערען ניט אויפצוהערען
גוטע מענשען מעגען זיך ווינשען
אזא מזל אזא יאָהר און אזוינע טעכטערלאך א פּאָר.
עס גיבט גאָר ניט שעהנער ווי מיינע טעכטערס מענער
בעהאַנדלען מיך גיט אויף טריט און שריט
ס׳זיי ניט שווער פאר׳ן שווער
אלעם צו טהין ווי אייגענע זיהן
איך האָב פון זיי ניט געהאָרכט קיין קרום וואָרט
זייער פריינדליכער בליק פערשאפט מיר גליק.

וואָס קען זיין פיינער? וואָס קען זיין ליעבער? —
מיך רופט מען פּאפּא און די שוויגער מאמא
דערפאר מיינע איידעמס זאָלט איהר איך זיין זיידעס
פון א גרויסער משפחה מיט מזל און הצלחה
איך ווינש אייך לאנגע יאָהר מיט אייער ערשטער פּאָר.
איהר זאָלט זאזנייען א לעבען פול נחת און פריידען

טהייער אָהן א שיעור זיינען מיר מיינע שניר
ווי אייגענע קינדער א יעדע בעזונדער
טעכטער אדער שניר איז דאָס זעלבע ביי מיר
קיין אונטערשיד ווי איך בין א איד!
איך וויל זיך ערלויבען זיי צו לויבען
זיי זאָלען נור זיין געזונד זיי האָבען עס כשר פארדינט
צו זייערע מענער איבערגעבען מיט לייב-און-לעבען
טרייע מאמעס און מיט אלע מעלות.

זיהנען אכט אויף דער וועלט געבראכט
א יעדער איינער טאַטעצקע מיט די ביינער
געכאַפּט זיך גאנץ יונג צום מערידזש רינג
און לעבען זיך מיט די ווייבעלאך ווי די שטילינקע טייבעלאך
אויף די זיהנען אויף מיינע איז מען מיר מקנא
א קליינינקע סאָסייטע אייגענע לייטע.
אזוינע זיהנען איז ניט צו געפינען
ביים רייכסטען פעללער ראקאפעלער
די גרסעטע מעלה פון מיינע זיהנען פון אלע
וואָס זייער ברידערשאפט איז מיט וואהרער פריינדשאפט
זיהנדעלאך מיינע זיהנדעלאך פיינע
איהר שטאַמט דאָך צוזאמען פון איין טאַטען-מאמען
זאָלט איהר זיך ליבען אייער גאנצען לעבען
דאָס איז די וויכטיגסטע זאך וואָס איך פערלאנג פון אייך
מיין איינציגע שוועסטער, די גורעוויץ אסתר
מיט הירש'ן איהר מאן, געזונד זאָלן זיי זיין
עס בענגשאַפט נאָך איהר, האָט געווירקט אויף מיר
צוריק מיט יאָהרען, נאָך אמעריקא פאָהרען

און דאָס האָט געבראַכט אַז היינטיגע נאַכט
זאָלען מיר זיך קאָנען, פערברענגען צוזאַמען

מיינע שעהנע קוויטקעלאָך, ליעבע אייניקלאָך
איהר זאָלט זיך מעהרען, ווי די שטערען
איך זאָג אייך בנאמנות, גרויסע זכות אָבות
האָבען זיך פאַר מיר געמיהט, אָבער גאָר גיט
אַלע געראָטען, קיין בייז זאָל ניט שאַטען
איינס אין איינס, פון גרויס ביז קליינס.

דעם בר־מצוה׳ניק, ווינש איך גליק
ער זאָל בליהען ווי אַ רויז, און וואַקסען גרויס
אונזער סטעווין מילטאַן, זאָל זיין אַ מאַן
וואָס איז וואויל בעקאַנט, איבערן גאַנצען לאַנד
אַלס אַ מענש אַ גוטער, אַ געבילדעטער אַ געניטער
דער שטאָלץ פון זיין פאָטער, די פרייד פון זיין מוטער
אַיי לייק יו מענדי, יו אַר פיין ענד דענדי
איך האָף, אַז מיט דער צייט, וועסטו זיין אַ לייט
געדענק עס גיט, אַז דו וואַקסט אַ איד
און אַ איד דאַרף זיין, אַ פּוירפעקט דזשענטעלמאַן
עהרליך איז טאַקע שווערליך, אָבער ניט געפעהרליך
האָב בלויז אין זינען, נאָר גוטעס טהין
איך וויל ווינשען און האָפען, אַז דו וועסט נעווער בלאָפען
יוז די וואַרהייט, וועסטו זיין אָל־רייט.

אייניקלאָך ליעבע אייניקלאָך זיסע
איהר זאָלט אַלע לאַנג לעבען אין נחת, אין פריידען
אייערע עלטערן און מיר ביידע — די באָבע און דער זיידע
זאָלען אייך אַלעמען זעהען אונטער דער חופה שטעהן.

אלל דאָס בעסט ווינש איך די געסט
מיר זאָלען זיך זיין פריינד אימער אַזוי ווי היינט
מיר זאָלען זיך בעגריסען אויף חתונות, אויף ברית׳ן
ווי אויך אויף בר־מצוה׳ס און אַלערליי שמחות.
גאַנץ באָראָ־פּאַרק זאָל זיין געזונד און שטאַרק
ס׳זאָל אייך אָנגעהן וואָס איז זאָג —איהר זאָלט
לעבען אַ גוטען טאָג
פון די שעהנסטע אַטאָמאָבילען זאָלען אייערע בעקלאַך
שפּילען

געזונטערהייט פון גליק פון פרייד
די שעהנסטע עקזעמפלען פון קלאַבס, פון טעמפלען
און אין יעדען הויז דאָס געזינדעל גרויס.
די רייכסטע פאלאצען ניט אָפּצושאצען
בוימער, בלומען און א לאט מזומנים
ס׳זאָל קומען פריעדען אויף גוים ווי אויף אידען
אַנשטאָט מלחמות ישועות ונחמות
פעסט זאָלען מיר האָפען צו דעם וואָס האָט אונז באשאפען
אז קיינעמס, קיינעמס זיהנען זאָלען ניט דארפען דיענען
און אז ס׳איז ניט ווייט די גליקליכע צייט
וואָס מיר וועלען ריידען דערפון אין פריידען
און דער זיידע אפרים זאָל טרינקען מיט אייך לחיים
אלעם זאָל זיין אַ קיי....
הורריי!.. הורריי!..



## מיין אייניקעל אפרים בר׳ יוסף׳ס בר-מצוה
אָקטאבער 31, 1926

טהייערע פריינדעלאַך, קינדער און אייניקלאַך!
י ו ס ף ו א פ ר י ם איז די טעמע
פון מיין יעצטיגער פּאָעמע.
פארצייטענס אין דעם לאנד מצרים,
איז געבוירען געוואָרען דער ערשטער אפרים
זיין פּאָטער יוסף, אַ מאַן נאָך גאָר אַ יונגער
האָט מיט חכמה געראַטעט עס לאנד פון הונגער
ער איז געוואָרען קעניג פּרעה׳ס רעכטע האנד
און דער פיהרער איבערן גאַנצען לאַנד.
עס האָט זיך אַזוי אויסגעמאַכט,
דאָס ער האָט זיין משפחה פון כנען געבראַכט.
זיין פּאָטער יעקב, די ברידער מיט ווייב און קינדער
און באזעצט אין גושן מיט זייערע שאָף און רינדער.
פיער הונדערט יאָהר האָבען זיי אין מצרים געלעבט,
אַ דור פון ששים רובי זיך דערלעבט.
די מצרים אָבער, מיט שטאַרקער קראַפט,
האָבען די בני יעקב אַלע פאַרשקלאַפט.

ווי אייביגע קנעכט אין קייטען,
צו עבודת פרך און ציעגעל קנעטען.
מ׳האָט געצוואונגען די אידען,
אויפשטעלען פאַר זיי ריזיגע פיראמידען.
געצאַפּט פון אונז די מאַרך פון דיביינער,
מאַכענדיג ספינקסען פון שווערסטע שטיינער.
שרעקליכען גלות האָבען מיר דאַן געליטען,
אָבער עס פינטעלע "י„ ניט פאַרביטען.
און די האָפנונג ניט אויפגעגעבען,
בעסערע צייטען צו דערלעבען.
ביז ס׳איז געקומען די גאולה דורך משה׳ן,
וואָס האָט אַרויסגעפיהרט די אידען פון גושן.
פיערציג יאָהר האָט עס גענומען,
ביז מיר האָבען עס ירושה לאנד באַקומען.
12 שבטים האָט מען זיך געצעהלט,
יעדען בעזונדער אַ חלק מדינה איינגעטיילט.
צווישען אַלע פעלקער ווי אויך אין ירושלים,
איז זעהר געריהמט געווען דער שבט אפרים.
אפרים איז געווען דער נאָמען דער פיינסטער,
צווישען די שבטים דער יחום דער גרעסטער.
פיעלע הונדערטע יאָהרען געווען זעלבסטשטענדיג,
ביז ס׳איז געשעהען דער גרויסער אומגליק.
אונזערע זינד האָבען אַרויסגערופען גאָט׳ס צאָרן,
גאַנץ ארץ ישראל איז חרוב געוואָרען.
עס איז געקומען דער ביטערער גזר מן השמים,
איבער גאנץ יהודה ואפרים.
מ׳האָט זיי פאַטריבען, צוזעעט און צושפרייט,
צווישען פרעמדע פעלקער צושיידט.
פון בייזע שונאים געיאָגט און געטריבען,
אונזער אידישקייט איז אָבער גאַנץ געבליבען.
געטריבען צו דער שמד פיעלע פיעלע מאָל
און זיך געהאַלטען פעסט ביים שמע ישראל
מיר האָבען ניט פעררראטען אונזער נאציאָן
און זיינען, כן ירבו, א היבשע פּאָאר מילליאָן.
אינקוויזיציעס, פאָגראמען זיך אָנגעליטען,
און דאָך עס פ י נ ט ע ל ע "י" ניט פארביטען.

מיט דיזעלבע אור-אלטע תפילות פון ירושלים
מיט דער גנעדיגער הבטחה ׳הבן יקיר לי אפרים׳
אז דער באשעפער וועט אונז ערלעזען
און מציל זיין פון אלעם בעזען.
און דאָס דארף דינען אלס בעסטער סמן,
אז די גאולה וועט זיכער קומען
ווי דער נביא פארשפרעכט אין נאָמען פון גאָט
„ביום ההוא יהיה ד׳ אחד ושמו אחד.“ אָמן
איך אינסטאלליר דיך איינעקעל אפרים אלס איד
און קאָנגראטוליר דיך אלס אונזער נייעם מיטגליד
ברכה והצלחה צו יוסף׳ן דיין פאָטער
מיט דיין שוועסטער, ברודער און מוטער . . .
יעקב אבינו האָט געבענשט יוסף׳ס זיהן
דאָס זעלבע גער איך יעצט טהין,
דיזעלבע הייליגע ברכה קום איך אויף דיר באנייען:
„בך יברך ישראל ישימך אלוקים כאפרים.“
פיינע מענשען וועלען זיך מיט דיר בענשען
אזעלכע זיהן ווי דו וועלען זיי זיך וואונשען.
האָב מזל, גליק מיט געזונד
און זיי צו דיינע עלטערען א גוט קינד.
איך בעט דעם מלך אל חי וקים
אז דו און אלע בני אפרים
זאָלען זייער נאציאָן ניט פארשעהמען
און אונזער הייליגע רעליגיאָן באשעהנען
אויב איהר הערט די ווערטער דזשו אָדער שיני,
זייט שטאָלץ — איהר שטאמט פון אברהם אבינו
פון נביאים תנאים וחכמים,
פון גאונים צדיקים וקדושים
וועלכע האָבען געהאַט אויף דער וועלט א שם
און זיך מפקיר-נפש געוועז על קדוש השם.

און ווען מ׳פרעגט דיך
זאָלסטו ענטפערן

**Who are you?**
**I am a jew.**
**Jewish is my Holy Religion**
**And my greatest ambition.**

**At the present time as in the past**
**Our Bible was and is the best.**
**It's no use, nobody can beat us.**

מיר, אידישע קינדער, האָבען זיך ניט צו שעהמען
מיט אונזער תורה מעג מען זיך באריהמען.
געדענק עס גיט!
און זיי א פאָלקאָמער איד.



## בר מצוה פון מיין איינעקעל
## יעקב בר׳ אייזעק אפרים.

כ״ו תמוז ה׳תרפ״ה.

טהייערע פריינדעלאך, קינדער און איינעקלאך.
א בר מצוה איז אצינד ביי מיין זוהן׳ס א קינד
און דאָס מיינט פאר׳ן זיידען א פאָר ווערטער צו ריידען
עס פייערט אונזער פאמילי בני אפרים
די אינסטאָליישאָן פון א בר מצוה א נייעס
עס שיינט מיר אז ערשט איז דאָס געשעהן
וואָס מיר זיינען אויף זיין ברית געוועזן
און שוין זיינען די 13 יאָהר פארפלויגען
שנעלער ווי א פייל פונ׳ם בויגען
און מיר פרעהען זיך ווידער א מאָל צוזאמען
מיט די גליקליכע טאַטע־מאַמען
וואָס פיהלען זיך אזוי וואויל און אזוי גיט
עס בעיבעלע איז שוין גאָר א גאנצער שטיק איד
צו א מנין מעג מען איהם רעכענען
און אויפרופען צו דער תורה לייענען
צו דער הייליגער תורה, דעם פונדיישאָן
פונ׳ם אלערוועלטליכען עדיוקיישאָן
פון שעהנסטער און העכסטער מאָראל
פון נאָבעלער קולטור דער קוואל
דער קוואל פון יושר און טרייהייט
קערפער און גייסטיגע ריינליכקייט
אַן אָהנערשעפּליכער קוואל פאר׳ן פערשטאַנד
פארשריבען מיט א געטליכער האנד.

מיין הארץ איז מיר פול מיט האָפענונג
פאר דער צוקונפט פון דעם בר־מצוה׳ניק
סיי ער וועט גערעטן אין טאַטען, סיי אין זיידען
און פיליכט נאָך איבערשטייגען אונז ביידען
זיי געבענשט איינעקעל מיינס יעקב אלס איד
צום אידישען פאָלק א געוואונשטעס מיטגליד
יעקב איז פון די שענסטע אידישע נעמען
מיט וועלכע מע האָט זיך ניט צו שעמען
אברהם, יצחק ויעקב זיינען געווען די ערשטע
צו ענטדעקען דאָס גלויבען דאָס בעסטע
א גלויבען פאר׳ן מענשען ניט אזוי שווער
די הויפּטזאכע איז א גוט הארץ, נישט מעהר
און וואויל צו דעם וואָס איז זוכה
מקיים זיין „ואָהבת לרעך כמוך״
דאָס מיינט : שענקען אלעמען טרייהייט
און ניט וויסען פון קיין פאלשקייט
היט זיך מיין קינד, ס׳זאָל חלילה פּאסירען
דאָס שלעכטע מענשען זאָלען דיך פארפיהרען
ווי דאָס לעבען איז דיר טהייער
אנטלויף פון זיי ווי פון פייער.
נור מיט פיינע לייטע זאָלסטו זיך אפּגיבען
וועט מען דיך אויך שעצען און ליבען
דיינע פריינד וועסטו צופרידען שטעלען
און טאַטע־מאמע וועלען פון דיר אָנקוועלען
געדענק עס, יאנקעלע גיט
און פערבלייב א פאָלקאָמער איד. .

# צום 16טען געבורטס־טאג פון מיין אײנעקעל
# מארטהא אפרים

שוועסטער און ברידער
בעסער געזאָגט: — מיינע ליבע קינדער

מיר אלע ווייסען
אז היינט פייערען מיר א גרעדיוּאיישען.
פון מיין טהייער אייניקעל מארטהא
וועלכע איז ביי זיך ניט קיין געגארטע
זי פארשטייט וואָס עדיוקיישאָן בעדייט
און ספענט דערויף א היבש ביסעל צייט.
די לעסאָנס זיינען ביי איהר דער הויפּט
איהר האָם־וואוירק עסט זי מיט ברויט.
אז ניט ביי דער פּיאנאָ איז ביים בוך
ארבייט זי פלייסיג ווי א רוח.
פארטיפט אין לערנען מיט׳ן גאנצען הערצעלע
און מיט׳ן קלוגען געשליפען קעפּעלע . . .
צו איהרע 12 יאָהר אין א גרויסען קאָנטעסט
איז איהר קאָמפּאזישאָן געווען דאָס בעסט
צווישען טויזענדער וואָס האָבען אנטהייל גענומען
האָט זי דאן דעם ערשטען פּרייז געוואונען.
יאָהרען זאָל זי האָבען און גליק
עס איז שוין איין מאָל א מיידעל, אַן אַנטיק.
איך ווינש איהר גרויסען פּראגערס
און זאָל שטענדיג מאכען גוטען סוקסעס
איהרע עלטערן׳ס האָפנונג זאל אם בעסטען געשעהן.
און מיר זאָלען עס אלע דערלעבען זעהען.
ביי איהר קאלעדזש גראדיואיישען זאָלען מיר זיך אמוזירען
ווי אויך מיט א גוטען זיווג צו דער חופּה פיהרען.
מיט מיין גאנצען הארצען בעט איך דיך גאָטעניו
פאר מיין ליבהארציג אייניקעל מארטעניו
וואָס איז נאָך פון איהר געבוירען
אַן עכט וועדזשעטעריאן גורל
פון פיש, פון פלייש ווייסט זי ניט דעם טעם
און היט זיך דערפון ווי פון סם

אומברענגען באשעפענישען איז די ערגסטע זינד,
שענק זשע איהר גאָטעניו גליק און געזונד
דאָס זעלבע ווינש איך אלע מיינע איינעקלאך
די אינגעלאך ווי די מיידעלאך
זיי זאָלען אלע פלייסיג שטודירען
און ווי לייטישע קינדער זיך פיהרען
זיי זאָלען לערנען מיט לוסט
און ווערען איבעראל בעוואוסט
מיט זייער גוטער עדעלער נאטור
אויף לאנגע, לעבעדיגע יאָהר
און ס׳זאָל אונז ניט פעהלען קיין מאָל
אלערליי שמחות אָהן א צאָהל.
אים נאָמען פון מארטהעס טאַטע-מאמען
אים נאָמען פון איהר זיידען און באבען
אים נאָמען פון דער גאנצער משפחה
ווינש איך איהר מזל און הצלחה
און וועל שליסען מיט א ברייטען לחיים
פאר דער גראדואירטער מיסס מארטהא אפרים.
אן עקסטרא לחיים פאר איהר פאָטער הערריין
ברודער פרענק און מוטער דזשוליע׳ן
געזונד און שטארק זאָלען זיי זיין
און מגדל זיין קינדערלאך שעהן און פיין
אין אלעם גוטען זאָלען זיי זיין זאַט
און דערלעבען וועדזשעטעריאנציקלאך א האָל-לאַט.
פאר איין וועגס וויל איך זיך נאָך באניצען
אביסעלע וועגען מיין דזשולינקען צו ספיטשען.
און אויסשפרעכען א דאנק מיט׳ן פולען מויל
וואָס זי איז צו מיר אזוי גוט און וואויל
ניט בלויז ווי א גוטע שניר
נור ווי א גוטער מלאך איז זי צו מיר
וואָס זאָג איך ווי א מלאך
ע׳ס איז נאָך גאָר א היבשער מהלך
א מלאך איז בלויז איין איינגערעדטע זאך
א געשיכטע פאר יונגע קינדערלאך
זי אבער קען מען טאקע הערען און זעהען
שטענדיג זיין פרעהלאך און לאכען מיט ציין

לעבעדיג און געטריי ביז גאר
מעגען מיר שוין האָבען אזא יאָהר
צו יעדען איינעם אזוי גוט
וואָס די וועלט פארמאָגט עס ניט
איך בין דאָך פון אלע שניר העכסט צופרידען
זיי אלע פערשאפען מיר פיעל פערגעניגען
אבער אויף דזשולינקען אז איך גיב נאָר א קיק
ווערט מיין הארץ פול מיט גליק
לאָמיר זשע מאכען נאָך א לחיים
פאר מיין שנירעלע דזשולינקע אפרים.



## פדיון הבן
## ביי מיין צווייטען אוהר איניקעל
## אליהו-זאב בורגשטיין

**Ladies and Gents**
**And all my dear Friends**

ביי מיינע איניקלאך דאדי און בען
איז היינט למזל א פדיון הבן
פון אונזער א צווייטען בכור
אויף מיין פיערטען דור
פדיון הבן איז מעהר ווי מיט 3,000 יאָהר צוריק
געווען א הייליגער אידישער מנהג
ווען אלע אנדערע פעלקער
האָבען געדינט צו טוידטע געטער
אבער דאָס גלויבען אין דעם עוויגען גאָט
האָבען נור די אידען געהאַט
פארשידענע גלויבענס זיינען געוואָרען געבוירען
מעהרערע פון זיי זיינען שוין לאנג פארלוירען
און די וואָס האלטען זיך נאָך אצינד
וועלען אויך פארשווינדען ווי דער ווינד
נור אונזער גאָט איז דער עוויגסטער
דער הייליגער און איינציגסטער
ער איז היה הוה ויהיה
ואין להמשיל לו להחבירה

ער איז געווען, ער איז און וועט זיין
און וועט וועלטען אהן צאהל בענייען
איך וועל געוויס ניט מאכען קיין טעות
אז איך האָב גרויסע זכות אבות
אזוינע ליבע ווייב און קינדער צו האָבען
מיט ליבע איינעקלאך און אוהר איינעקלאך צו
פארמאגען
ווייל עס טרעפט ניט מענשען א סך
וואָס דערלעבען אזא טהייערע זאך
איך מעג דעם באשעפער לויבען און דאנקען
מיט מיין גאנצער נשמה און מיט אלע געדאנקען
וואָס ער שענקט מיר געזונד און לעבען
און גרויס תענוג אין מיינע קינדערלאך צו דערלעבען
ביי יעצטיגער גוטער שעה וועל איך אייך בענשען
און פונ׳ם טיפסטען הערצען ווינשען
איהר זאָלט פייערען גרויסע שמחות
מיט ברית׳ן, פדיון הבן׳ס און בר מצוות
אייער לעבען און אייערע צייטען
זאָל זיין א קייט פון פרייליכקייטען
רייך מיט געזונד, רייך מיט געלד
און מיט אלעם גוטען אין דער וועלט. —
אויך בענש איך מיין אוהר איניקעל אליהו-זאב
ער זאָל וואקסען א מאן א לב־טוב
מיט אנדערע ווערטער, אונזער עלי-וועלוועלע
זאָל פארמאגען א ליעב, ריין הערצעלע
זיינע עלטערן מיט אלע זיינע קרובים
זאָלען איהם מגדל זיין למעשים טובים
אלע בוירגשטיינס, סטעווינס און די בני אפרים
זאָלען דאנקען פאר איהם דעם מלך אל חי וקיים
פאר איהם און אלע אונזערע קינדערלאך
די ליבע איינעקלאך און אוהר איינעקלאך
זיי זאָלען זיך מעהרען און מעהרען,
געגרויסט און געשטארקט ווערען
מיט דערבארמונג און גנאדע פון זיין הייליגען נאָמען
זאָגט אלע אָמן, אמן ואמן!
יעצט וועל איך טרינקען פאר אלעמענס וואוילזיין
לחיים כל המסובין בכאן!

# מיין אייניקעל העלען סטעווין׳ס האָכצייט.

דזשון 18, 1924

האָכגעשעצטע ליידים ענד דזשענטעלמען!
איך וועל רעדען אין דער שפּראַך וואָס איך קען
האָפּענדיג אז אין אלגעמיין
וועלען מיך אלע גוט פארשטעהן.
זאָגאר די כלה און דער חתן
פארשטעהען אויך מאמע-לשון.
מיין הערצליכער מזל טוב צו חתן כלה
צו מחותנים און מחותן׳עסטעס אלע
הן פון חתן׳ס צד
הן פון כלה׳ס צד
אלע פערוואנדעטע און אלע געסט
ביי דעם יעצטיגען האָכצייט-פעסט
איך ווינש אייך לעבען און לאכען
קינדער און קינדס קינדער חתונה צו מאכען . . .
עס איז ניטאָ צו רעדען א סך,
אז חתונה האָבען איז א גאנץ וואוילע זאך.
אָט איז מען א באָי, און שוין ווערט מען א מאן.
מיין אייגענע חתונה ליגט מיר נאָך אין טעם.
אָט נעהמט אדרבא
און פרעגט ביי דער באבע . . .
איהר זעהט מחותנים,
מ׳דערקענט אין איהר פנים
אז אונזער האָני-מון
האָט איהר ווילד הנאָה געטהון . . .
מיר זיינען אויך אמאָל געווען
אזוי יונג און אזוי שעהן

געפיהלט זיך די גליקליכסטע אין דער וועלט,
אלע האָבען פון אונז אָנגעקוועלט . .

אויך ליגט מיר שארף אין זכרון
ווי צוריק מיט צוויי צעהנדליג יאָהרען
האָב איך פונקט אזא קאַפּעל געזעהן,
דאָס זיינען דיזע נייע שווער און שוויגער געווען.
איך האָב זיי געשלינגען מיט מיינע בליקען
און ניט געקענט זיך זאט אָנקוויקען . . .

דאָס מיין איך מיין טעכטערל סערעה׳ן
מיט מיין איידעם ראובן
אבער זיי וועלען מיר לאָזען אין א זייט
און זיך נעהמען צו יונגערע יונגע לייט.
איך האָב וואָס צו זאָגען מיין העלען,
זאָל עס איהר נור געפעהלען:
אזוי ווי ניו יאָרק איז ניט נו הייוועז
אזוי ביזטו שוין ניט מעהר סטעיוועז.
נאָ מאָר!
דו הייסט שוין מיסעס מארטען שאַר . . .

**Good for you, you know,**
**I Told You So!..**
**Now listen, you married a nice man,**
**But remember: Never Again!**

ס׳זאָל הייסען געהייראַט איין-מאָל און גיט,
אבער מעהר ניט!
דו הערסט וואָס איך זאָג דיר אָן?
זאָלסט מעהר אזא נארעשקייט ניט טהון!
ליב איהם בעסער פונ׳ם פאפא מיט׳ן זיידען
וועט ער דיך ליבען בעסער פון אלע מיידען.
איך דענק אז דיין מארטען
האָט א קאָפּ א סמארטען
און פון זיין טהייערע העלען
וועט ער גאָר אָנקוועלען
מאך אבער אָפּ ביי זיך דיין מאינד,
ניט צו טהין וואָס ער האָט פיינט.
זאָלסט פאָלגען שטענדיג דיין מאן
ווי מ׳פאָלגט א טרעפיק-פּאָליסמען:
זאָגט ער „סטאָפּ“, מוז מען סטאפּען,
און ביז א „גאָ“ קען מען זיך ניט כאפען.
נעהם אביישפּיל פון דיין טאַטע-מאמען
ווי שעהן זיי לעבען זיך צוזאמען
שווער און שוויגער זאָלסטו רעספּעקטען
ווי א נאיס ליטעל וואומען מיט זיי עקטען.
פון א בעז ווארט זאָלסטו זיך היטען
און אָנגעהן שטענדיג נור מיט גיטען.

וועט איהר זיך לעבען ווי צוויי טויבען
און מיר וועלען אין אייך פיעל נחת האָבען.
און פון דיר טהייערער מארטען
וועל איך האָפען און ערווארטען
אז דו וועסט זיין שטענדיג גרעהט
צו פערשאפען דיין ווייבעלע גליק און פרייד.
העלען איז דיין באשערטער זיווג
זאָלט איהר זיך עלטערן מיט פיעל גליק.
זי שטאַמט פון א גאנץ פיין הויז
און איז א קינד מיט אלע מעלות
דארפסט וויסען אז פון אצינד
ביסטו אויך אונזערס א קינד
הלואי האָב איך נאָך אזוינע א פאָר טוץ
און דיך א חוץ.
מיר וועלען האָפען אז ביי נחמה מיט בערן
וועלען זיך איינעקלעך מעהרען און מעהרען.
עס וועט ניט נעהמען לאנג
און עס וועט אזועק א גאנג
פון פרעהליכע צייטען
מיט מזל׳דיגע האָכצייטען
די איינעקלעך וועלען ווערען טאַטע-מאַמעס
זייערע עלטערן — באבעס-זיידעס
און מיר ביידע —
עלטער-באבע און עלטער-זיידע . . .
קיינע ווערטער און קיינע רייד
קאָנען ניט אויסדריקען מיין גרויסע פרייד
69 יאָהר בין איך שוין אלט
און ענדליך דערלעבט וואָס איך האָב געוואָלט . . .
איהר מעגט מיך שעהן קאָנגראטולירען
דערלעבט איינעקלאך צו דער חופה פיהרען!

קינדער זיינען א גוטער אינוועסטמענט
איינעקלאך — עס פראָצענט
און דאָס איז דאָך בעוואוסט איבעראל
אז עס פראצענט איז חשוב׳ער פונ׳ם קאפיטאל . . .
ערציהען קינדער קומט אָן שווער,
אבער מיט איינעקלאך איז אַי דאָן׳ט קער!

זאָלען זייערע עלטערן זיין געזונד,
זיי וועלען שוין אטענדען זייער קינד . . .
זיי וועט מען גאָר פארשפּאָרען בעטען
אל דאָס גוטס דעם קינד צו פארגרייטען.

יעצט לאָמיר דאָ אלע אין לאָקאל
נעהמען זיך צום באקאַל
און טרינקען א פּראָהיבישען לחיים
צום פּאָרפּאָלק צום נייעם
זיי זאָלען לאנג לעבען
און זיין שטארק ווי די לייבען
אין אלעם גוטען זאָלען זיי זיין זאט
און האָבען שאָרעלאך א האָל-לאָט.
מיר זאָלען עס דערלעבען זעהען
און מיט זיי צוזאמען זיך פרעהען
איך ווינש אייך אלעמען און האָף
צו טרעפען זיך ביי א מזל-טוב.
אויסגעבענדיג אין פריידען
אונזערע באָיעס און מיידען.

זאָגט אמן אמן ואמן ! . .
איך דאנק אייך שעהן.



## מיין איינִיקעל דבורה סטעווין'ס האָכצייט.

דזשון 26, 1927

מיינע טהייערע לידים ענד דזשענטעלמען
צוערשט וועל איך חתן כלה אדרעסירען
און אלס מאן און ווייב קאָנגראטולירען
מזל טוב דיר מיין שפּאָגל ניי איייניקעל בעני
מזל טוב דיר מיין אלטגעבאקען אייניקעל דאדי
איך שעץ מיך גליקליך אייך צו זעהן
אלס מיסטער און מיסעס בוירגשטיין
דו אויס באָי, נור א מען
דו אויס גוירל, נור א וואומען
אבער וואָס בעשערט איז בעוּוערט
טאקע דיזעלבע יענטע, נור אנדערש געשלייערט

געבליבען דיזעלבע דאדי
און דאָך שוין גאָר פון אן אנדער פּארדי
ערשט איז זי מ י ס  ס ט ע ו ו י ן געוועזן
און מיט אַמאָל גאָר מ י ס ע ס  ב ו י ר ג ש ט י י ן
דאָס זעלבע האָבען מענשען שטענדיג געטהון
און אזוי פיהרט זיך פון תמיד אָן
שניר בעלאנגען צו אונזער הויז
און טעכטער גיבען מיר צו זייערע מענער ארויס
שניר האָבען אונזער פאמילי-נאָמען
און טעכטער געהען אריבער צו די מחותנים
דיין מוטער האָט אויך אמאָל געזאָגט גוד-ביי
און איז אוועק מיט איהר גוד גאַי
דאָס זעלבע אויך די גרענד מאַ
ווען זי האָט געהייראטה דיין גרענד פּאַ
גאנצע דריי מאָהל אלס איך מיט מיין נחמה׳ן
האָבען ניט היינט געדאכט חתונה געהאַט צוזאמען
1 מאָל כדין וכדת
און נאָך 2 מאָהל בלויז אויף שפּאס
אונזער האָני מון איז געווען צוקער זיס
ביידע געזונד און שטארק ווי די ניס
דער זילבער און גאָלדען מון
האָט פערשאַפט היבשליך פאָן
געוועהנליך איז א זילווער וועדינג א גוטע זאך
און א גאָלדען וועדינג איז גאָר ווערטה א סך
נור רעדענדיג צום גראם
ליגט מיר דער האָני מון נאָך אין טעם
ביידע אזוי פריש, יונג און שעהן
פול מיט לעבען פול מיט חן
דאָך ניט ווילענדיג האָט זיך געקלערט דאן
ווער ווייס וואָס שפּעטער ס׳וועט זיין
צו וועט מען זיך שטענדיג אזוי גלייכען
און קענען לייכט א לעבען מאכען
פרישע זאָרג קומט צו א סך
סיי מ׳איז ארעם, סיי מ׳איז רייך
און ווי וועט ניט צוקומען נאָך א פּאָר פּרעסער
און מאכען די עקספּענסעס נאָך גרעסער

מ׳איז גאָר צו אזוינע זאכען ניט געוואוינט
היינט צו וואָס האָט עס זיך אין גאנצען געלוינט ?
כאָטש נעהם און גיב אַן אונטערשריפט
אז דו ביזט מוחל דעם האָניג מיט׳ן גיפט
ס׳איז נאָך א מזל אויב מ׳איז א גלייכע פּאָר
מע רייסט זיך ניט די נעז און פאר די האָר
קוים איז מען געטריי און איבערגעבען
איז מען זיכער מיט א זיס אנשטענדיג לעבען
זי פערבלייבט די געליבטע, ער דער גוטער
און מיט דער צייט גליקליכע פּאָטער און מוטער
שאדע וואָס עס נעהמט נור א פּאָאָר וואָכען
ווי מ׳בעקומט נור א פּאָר טעפּלאך צו קאָכען
דאָס שטיקעל צייט פליהט אוועק
און מיט׳ן האָני מון איז אויס, מיט אַן עק.
זעהט איהר, א גאָלד וועדינג איז גאָר אנדערע רייד
איהר אלע מעגט עס דערלעבען געזונטערהייד
מע האַלט שוין ביי וועלכע זיבציג יאָהר
זייענדיג פופציג יאָהר א מזל׳דיגע פּאָר.
אייגענטליך האָט גאָלד א נישטיגע ווערטה
געגען אזא גדולה, ווען ס׳איז באשערט
וואויל צו די וואָס האָבען דערלעבט אזא צייט
עס איז זעהר שעהן פאר גאָט און פאר לייט
ווער שמועסט נאָך מיט לייטישע קינדערלאך
מיט ליבינקע געראָטענע איינעקלאך
מע שעפּט נחת פון די עלטערע
און מע קלייבט תענוג פון די אינגערע
מע ווייסט ניט אויף וועמען פריהער צו קיקען
און מיט וועלכען מעהר זיך צו קוויקען
אלע זיינען דיר ליעב און שעהן
אלע אלע פון גרויס ביז קליין
אבער... און דאָ קומט עס ביטערע וואָרט א ב ע ר
וואָס איז אמאָל ערגער פון א רויבער
דאָס וואָרט א ב ע ר זאָל נור ניט זיין
וואָלט אלעס געווען גוט און פיין
א ב ע ר ... אז איך באַטראכט מיין אייגענע פּערזאָן
ווי עס זעהט אויס א געעלטערטער מאן

עס געזיכט געקנייטשט, דער קאָפּ גרייז גראָה
און קיין ציין איז שוין לאנג ניטאָ

און ווילט זיך דיר כאפּען א טענצעל
דערפיהלסטו זיך א שוואך מענשל

ס׳ווילט זיך נאָך הוליען, זינגען
ס׳ווילט זיך טאַנצען, ס׳ווילט זיך שפּרינגען

און פרעגט גאָר ניט וואָס נאָך ס׳וואָלט זיך געוואָלט
ווען מ׳איז ניט אזוי אלט

הכלל מיינע דאמען און הערען
אז אלטער מאַן זאָל גאָר ניט געבוירען ווערען

ער קען זיך פארבלייבען א פערשייטער יונג
אבער בלויז מיט׳ן צונג

און וואָס וואָלט דער באשעפער געקענט דערלעגען
אז מיר זאָלען זיך פּאוואלינקע אייביג לעבען

מע זאָל האָבען שמשון הגבור׳ס כוח
און מיט א דרייסיג יאָהר יונגער אויך.

אמת, אז מע קוקט זיך אום
אויף אונזער בוימעלאך ארום און ארום

צווייגעלאך אייגענע פון אונז גענומען
מיט נייע צווייגעלאך וואָס קומען און קומען

דאן פיהלט מען זיך גליקליך אָהן א שיעור
און מ׳ווייס ניט ווי גאָט צו דאנקען דאפיר

מ׳שעפּט נחת מיט׳ן הארץ און מיט די אויגען
אבער כחות מיינע וואָס ווערט איהר פארפלויגען

גלויבט מיר, ווי איהר קוקט מיך אָן
הלוואי פיהל איך כאָטש ווי צום זילווער מון

דען אייגענטליך איז א זילווער וועדינג אים לעבען
עס בעסטע וואָס קען געבען:

באַטראכט נור אונזערע עלטערע יונגע לייט
זיי זיינען נאָך אָהן עין הרע אלל-רייט

פיעל גוטס איז ביז אהער פערהאנען
וואָס מ׳האָט זיך געווים צו דערמאָן

און נאָך מעהר בלייבט צו האָפען
וואָס די צוקונפט קען פארשאפען

מ׳איז נאָך פון דער יוגענד ניט ווייט
און ביז דער עלטער איז נאָך גענוג צייט

אבי געזונד און גוטע פרנסה
פיהלט מען זיך גאנץ נישט קשה

ס׳זאָל נאָר קיין בעז ניט שאַטען
מ׳כאַפּט א גוד טיים ווי גאָט האָט געבאָטען

דאָס לעבען איז פיעל פריידען
אלעס שמעקט זיי טעם גן עדן

און בעליוו מי, מ׳קען נאָך אפּאָרדען גאנץ פיין
צו זיין מיט די יונגערע אויף איין ליין

וואָס אנבעלאנגט אייך, איינעקלאך מיינע
חתן כלה ליבינקע, פיינע

זענט איהר יעצט אויף אייער העכסטען פּוינט
וואָס דער מענש האָט ווען בייגעוואוינט

און אבי איהר וועט זיך נור גוט בעהעיווען
זענט איהר אינשורט מיט א זיס לעבען

דער הויפּט איז זיך נעווער קריגען
און צוליב טהון שטענדיג מיט פערגעניגען

זייט געבענשט מיט פרידען און פרייד
און זאָלט זיך עלטערן צוזאמען געזונטערהייד

אימער מונטער, פעסט און רייך
ליבע בוירגשטיינעלאך זאָלען מיר זעהן ביי אייך

ווי עס ווינשען אייך אייערע טאַטעס־מאַמעס
ווי אויך דער זיידע און די באבעס

און ווי עס ווינשען אלע פון גרוים ביז קליין
מזל טוב צו מיסטער און מיסעס בוירגשטיין!

# האָכצייט פון מיין מזינעק דר. הענרי

יום א׳ תמוז ה׳תרפ״ח

**June 24, 1928**

**Gentleladies and Gentlmen!**

מיר האָבען זיך צו ווינשען א פיינעם מזל טוב,
היינט איז ביי אונז א גרויסער יום טוב.
מיין מזינעק הענרי, זאָל געזונד זיין,
האָט געהייראט מיסס סעלמא גארפיין
ביי איהרע עלטערן דאָס קינד דאָס ערשטע
און צו מיר די שנור די יונגסטע.
איך פיהל מיך גליקליך אָהן א שיעור
צו באקומען נאָך אזא ליעבינקע שניר
מיט זיבען שניר האָט מיך גאָט בעגליקט
און יעצט נאָך די אכטע צוגעשיקט
עס האָט שוין מעהר ניט צו פעהלען
איך האָב , אָהן אין הרע מיינע אלע 8 צו צעהלען.
איהר קענט מיך שעהן קאָנגראטולירען
מען מעג ווירקליך מיט זיי שטאלצירען
מיט די 7 מעג מען זיך באריהמען
און די אכטע וועט אונז אויך ניט פארשעמען.
באטראכט דאָס קאָפּל: יונג און שעהן
פול מיט לעבען, פול מיט חן.
צוויי פרישינקע, ליבינקע פנים׳לאך,
צוויי שיינענדע פיקצעלאך
ער . . אזא יאָהר אויף זיין טאַטען,
ס׳זאָל איהם נאָך קיין בעז ניט שאַטען . . .
זיא ! . . אזא יאָהר אויף דער מאמען,
מיט׳ן טאַטען מיט דער באבען צוזאמען . . .
מיט מיינע אויגען גיט נור אויף זיי א בליק
וועט איהר זיי געווים ווינשען גרוים גליק.
הונדערט יאָהר לעבען און דריי טעג א חוץ.
מיט א גרוים געזינדעל און מיט אל דאָס גיטס
כ׳גלויב אלס דאָקטאר וואָס פארשטעהט א קרענק
וועט ער סייפען געגוג געלד אין די בענק
און וועט אויך פיעלעם אויפטהין
מיט זיין פּראקטיק און מעדיצין

פערשאפענדיג פאר זיין דאָקטארשע א לעבען
וואָס קען גאָר בעסערס ניט געבען.
איהר מוזט אבער קינדערלאך זיך פארשווערען
מ׳זאָל פון אייך קיין בעז וואָרט ניט הערען.
ווייל בעזע ווערטער בייסען ווי פליגען
אבער א גוט וואָרט פערשאפט פערגניגען.
גוטע רייד שמעקען ווי רויזען,
אבער א שלעכט וואָרט איז ערגער פון פויזען.
אייער מאַטאָ זאָל זיין ליבע און טרייהייט
וועט איהר אויף זיכער זיין אָלרייט
אזוי זאָלט איהר זיך פיהרען אלע יאָהרען
וועט איהר זיך פיעל טראבעל פארשפאָרען
אייער לעבען וועט זיין ווי א סטעדי גוד טיים
און וועט זיך פיהלען איממער אין א גוטער ליין . .
גליקליכע יאָהרען זאָלט איהר האָבען צו צעהלען
און א פאר אפרים׳לאך זאָל אויך ניט פעהלען.
ס׳זאָל צוקומען פון אייך צום נייעם גענעריישען
פון די בני אפרים פאמילי קאָרפעריישען.
וועלכע זאָלען זיך מעהרען און מעהרען
ווי אויפ׳ן הימעל די שטערן.
איהר קענט אייך פון מיר לאכען,
איך בין שוין געוואוינט צו אזוינע זאכען.
באָט, איך ווינש אלע געהייראטהע חתן־כלה
צו דערלעבען ווערען גליקליכע טאטע־מאמע,
ווי עס פיהרט זיך ביי פיינע לייטען
פון אמאָליגע און פון היינטיגע צייטען.
איך זאָג עס אפען פאר׳ן גאנצען עולם
אלס אָלד פעשאָן, פונ׳ם אלטען רבונו של עולם.
וואָס אויף דער לונג דאָס אויף דער צונג:
אָן עכט נאַטירליך לעבען איז טהייערער פון אָלסדינג.
אונזערע עלטערן זאָלען עס ניט געווען פארשטעהן
וואָלטען מיר קיינס אויף דער וועלט ניט געווען
זיי האָבען זיך אבער אויפגעפיהרט פיין געגוג,
ווי מיר זעהען עס היינט צו טאג.
זיי האָבען צו פיעל ניט איבערגעטראכט
און נייע נשמות צום לעבען געבראכט.

איהר מעגט עס פריינדעלאך, נעהמען אין זינן
און טאַקע וויסען וואָס איהר האָט צו טהין.
וועט איהר זוכה זיין צו קינדער און קינדס קינדער
און קלייבען נחת אין א יעדען באזונדער . .
און יעצט וועלען מיר מאכען דעם ברייטען לחיים
צו דאָקטאר און מיסעס הענרי אפרים.

לחיים די שפּאָגל נייע שווער און שוויגער
לחיים צו דער דיער גרענד מאָדהער,
לחיים צו אלע פריינד פון כלה׳ס צד,
לחיים צו אלע פריינד פון חתן׳ס צד.
אים נאָמען פון מיר מיט מיין נחמה׳ן
דעם חתן׳ס גליקליכע טאַטע־מאַמען
וואָס האָבען געאָפּפערט די קינדער זייער לעבען
און ב״ה דעם מזינעק אויך אויסגעגעבען
און ערפילענדיג דיזע געווינשטע אויפגאבע
זיינען מיר איבערגליבען דיד־דא־באַבא
נאָך פיעלע מאָל ביי פרעהליכע טישען
זאָלען מיר זיך זעהן אויף חתונות אויף ברית׳ן
אויף פערשידענע שמחות אין אלגעמיין,
זאָגט אלע אמן ואמן!



## האָכצייט פון מיין איינעקעל אפרים (פרענק) אפרים.

טייערע פריינטעלאך, קינדער און איינעקלאך!

מיין געזינדעל ווערט בה״ש פארגרעסערט
און האָפענטליך אויך פארבעסערט
די קינדער וואקסען און וואקסען
טאַ דער, טאַ יענער הייראטהען
צו יעדען באזונדער
קומט מיר צו נייע מיטגלידער
יונגע, פרישע, אחת ואחת
וואָס פארגרעסערען מיין נחת

זייער צאָהל זאָל ווערען ניט איבערצוצעהלען
און אלדאָס גוטס זאָל זיי נישט פעהלען. —
פארגעסט אבער ניט ליבינקע
איינעקלאך מיינע טהייערינקע
אז אלעס איז אין אייך אליין געווענדעט
און עס גוטע לעבען איז אין אייער אייגענע הענט
איהר דארפט נור וויסען ווי צו עקטען
און זיך איינס עס אנדערע רעספּעקטען
פון א בעז וואָרט זיך היטען
און פועל׳ען אלעס נור מיט גיטען
נישט האָבען צווישען זיך קיינע סודות
און נישט שפּילען קיין ברוגז
ניט פארלירען דעם מוטה
און פארמיידען בעזעס בלוט
אויך א טרויעריג געזיכט איז ניט שעהן
און מאכט ניט קיין גוטע היים. —
אין די אלטע ספרים שרייבט זיך א ביישפּיל
וועלכער באדייטעט זעהר פיעל: —
אין די היימען פון אידישע יונגעליים
קומען צוויי מלאכים פון צייט צו צייט
איינער פון זיי א גוטער
און דער צווייטער א שלעכטער
אויב זיי טרעפען עס הויז ליכטיג און ציכטיג
און אלעס פיהרט זיך פאָלקאָם און ריכטיג
מיט א שלום-בית ווי געווינשען
נעהמט זיך דער גוטינקער מלאך זיי בענשען
אז ווען ער וועט ווייטער אמאָל קומען
זאָל ער דאָ דאָסזעלבע ארדנונג געפינען.
דער בעזער מלאך קריצט מיט די ציין
ווייל ער איז געצוואונגען צו זאָגען אמן.
אבער טאָמער איז חלילה פארקערט
און זיי טרעפען די היים פארשטערט
דאָס פארפאָלק טראגט א בעז פּנים
ווייל זיי קענען ניט לעבען בשלום
דאן קערט שוין דער בעזער מלאך וועלטען
און הערט ניט אויף צו שעלטען

אז זיי זאָלען זיך נימאלס פיהלען בעסער
און זייער צאָרן זאָל נאָך וואקסען גרעסער
זיי זאָלען באקומען א מפלה ווי המן . . .
דער גוטינקער מלאך מוז נעבעך זאָגען אמן. —
דאָס מעשה׳לע קען איך וואויל דינען
ווען איהר וועט עס האָבען גוט אין זינען.
אבער אז איהר וועט זיך אכטען און ליבען
וועט איהר לעבען גליקליך און צופרידען
פיהרט זיך נור ווי דזשענטעללייט
וועט איהר זיך פיהלען אָלרייט
און מיר וועלען מעגען זיכער האָפען
אז איהר וועט אונז גרויס נחת פארשאפען. —
א מזל־טוב א הארציגער א ליבער
צו די שפּאָגעל נייע שווער און שוויגער
איך באטראכט זיי שוין פאר קאנדידאטען ביידע
צו ווערען מיט דער צייט באבע און זיידע
מזל־טוב צו די ליבינקע חתן־כלה
מיט זייערע טהייערע פריינד אלע
ווי אויך א ליבהארציגען לחיים
צו דער גאנצער משפחה אפרים.

●

## צו מיין גאָלדענער חתונה.

אָקטאבער 31, 1925

מיינע טהייערע פריינדעלאך,
קינדערלאך און איינעקלאך !
70 יאָהר בין איך שוין אלט
און ווייס נאָך גוט וואו איך האלט.
קיינמאָל ניט געפיהרט זיך ברייט
נור געגאנגען טרעט ביי טרעט.
ניט געהוליעט, ניט געזאָרגט,
ניט געפּלוטעט, ניט געבארגט,
ניט געיאָגט זיך ווערען רייך,
אבי געלעבט מיט לייטען גלייך.

אבער 70 יאָהר איז ניט 70 טעג.
ניט לייכט איז איבערצוגעהען אזא לאנגען וועג.
עס ווארען מאָמענטען, ניט היינט געדאכט,
וואָס האבען מיך פ א ר דער צייט אלט געמאכט.
האָבען אידען אין רוסלאנד געליטען
בין איך אויך געוועזן אין מיטען
מ׳האָט אונז פארפאָלגט אָהן אן עק
דורך בלבולים, פאגראמען און אלערליי שלעק.
די פרנסה א שוואכינקע, . .
די פאמיליע א היבשינקע.
אלע מאָהל קומט צו מיט א קינדעלע מעהר
דאָס ערציהונג איז אָנגעקומען זעהער שווער,
מע מוז עס קליידען, שיכען,
און אין חדר אריין שיקען
ס׳זאָל זיך לעדיג ניט ארומטרייבען
און קיין גראבער יונג ניט בלייבען
און דאָס לעצטע ביסעל געלד אויסברענגען
זיי אלע נאָך אמעריקא ברענגען
אין דעם געבענשטען פרייען לאנד
ווייט פון דעם פארוואָגעלטען רוסלאנד.
טהייערע פריינד זיינען אויף אייביג פערשווינדען
וואָס האָט געמאכט אין הארצען טיפע וואונדען.
נור גאָט טענה צום באשעפער פון דער וועלט
ער טהוט זיך זיינס ווי איהם געפעלט.
אלעס אלעס איז אונטער זיין קאָנטראל
און ער טהיילט איין א יעדען זיין שיקזאל.
איינער איז גליקליך, ס׳געהט איהם גיט.
אן אנדערער האָט נעבעך א שווערען געמיטה
דעם מענשענס שכל איז זעהר קליין
ער זאָל דאָס אלעס קענען פארשטעהן.
אבער זאָ לאנג מע לעבט מוז מען קעמפפען.
מע קען זיך אנדערש גאָרניט העלפען.
און אז דער מענש וויל וויסען פון א לעבען
זאָל ער דעם קוראזש ניט אויפגעבען . .
און זאָל זיך אימער אָנשטרענגען
ווי אם בעסטען זיין צייט צו פארברענגען.

50 יאָהר איז אקוראט
זינט איך האָב חתונה געהאַט
מיט מיין ג אָ ל ד ע נ ע ר כלה
וואָס שפילט דאָ יעצט אזא גרויסע ראליע . . .
ניט געגוג איך האָב מיך אבגעבריהט א י י ן מאָל
נעהמט איהר און מאכט אונז חתונה נאָך אמאָל.
אז איהר ווילט, קענט איהר לאכען,
איך בין שוין געוואוינט צו אזוינע זאכען.
איהר קענט זיך אויך באריהמען
אז דער טאַטע האָט די מאמע גענומען.
אמת : אַ גאָלדען וועדיג איז טאַקע גיט,
אבער צום האָני-מון קומט עס ניט.
ביי מיין ערשטער חתונה זענט איהר ניט געווען
איך האָב אייך דאכט-מיר קיינעם ניט געזעהן,
האָט איהר אבער יעצט אַ שאָו
מיר אפגעבען א גאָלדענעם מזל-טוב,
צוזאמען מיט מיין סאליד גאָלדענער כלה
אייער ליבער, געטרייע מאמע.
שוין 50 יאָהר ניט געשידען
פיהרען מיר א לעבען אין פרידען,
50 גליקליכע יאָהר געצעהלט,
מיט דעם ביסען זיך געטהיילט.
דערלעבט קינדער א טהייערען סטאק
מיט איינעקלאך, אומבעשריען, א היבשען פאק.
מיר מעגען זיך שטארק פרעהען
וואָס מיר האָבען דעם פערגניגען צו זעהען
אַזאַ שיינענדיג געזינדעל ארום זיך
וואס ליבען און שעצען זי און מיך.
קוקט זיך נור איין פריינטעלאך אלע
צו דער דאָזיגער גרוינקער כלה,
ווען ניט אָט די פארפוצטע נקבה
וואָלט איך שוין אפשר געלעגען אונטער א מצבה
זי האָט זיך די גרעסטע מיה געגעבען
צו פארלענגערען און פארצוקערען מיין לעבען.
פאר מיר איז איהר קיין זאך ניט צו טהייער.
צוליב מיר וואָלט זי געשפרונגען אין פייער.

פיעל גוטס האָט זי אויך געטהין
צו אייך מיינע טעכטער און זיהן.
בעטראכט נור די צוויי הענד,
זיי מוזען אייך זיין גוט באקענט.
דיזע הענד האָבען אייך געהאָדעוועט, געבאָדען,
געניינצעט, געצוואָגען.
רייך מאכען פון אייך זיך ניט גע׳מיאוס׳ט
און יעדעם ביינדעלע אויסגעקישט.
עס גיבט גאָר ניט אזא שווערע זאך
וואָס איהרע הענד האָבען ניט געטהון פאר אייך.
איהרס איז די בלוט וואָס אין אייערע אָדערן פליסט
זי האָט אייך געשפייזט מיט די אייגענע בריסט
און אז וואויל איז אונז יעצט וואָס איהר געדענקט
די מוטער ליבע וואָס זי האָט אייך געשענקט.
און דערפאר וועל איך אייך בענשען
און פון טיעפען הארצען ווינשען
סע זאָל זיך אייך לעבען גרינג.
איהר זאָלט האָבען הצלחה צו אלסדינג,
איהר זאָלט מגדל זיין אייערע קינדער
און קלייבען נחת אין יעדען בעזונדער,
איהר זאָלט פייערען האָכצייטען רעגעלע
ווי אויך זילבערנע, גאָלדענע, בריליאנטענע
און זאָלט אימער קענען זאָגען
אז איהר האָט זיך ניט צו באקלאָגען,
סע שפילט אייך דאָס גליק פון אלע זייטען
און איהר זאנייעט בלויז גוטע צייטען.
עס וועט אבער מוזען קומען די צייט
ווען מיר, טאַטע מאמע וועלען שוין זיין ווייט ווייט
זאָלט איהר זיך דערמאָנען
אין אייערע טאַטע-מאמען
אז זייער גרעסטער וואונש איז געווען
אייך אלע גליקליך צו זעהען
און האָבען שטארק פערלאנגט דערביי
אז איהר זאָלט זיך אימער זיין געטריי.
אלע וויפיעל דאָ איהר זיינט
הויבט אויף אייער רעכטע האנד,

נעהמט אין אכט מיין יעצטיגען שפרוך
און וואָרט־ביי־ווארט זאָגט מיר נאָך:

"מיר שווערען! מיר שווערען!
"מיר זאָלען זיך קיין שונאים נישט ווערען,
"און וועלען שטענדיג טרייען דאָס בעסט
"אונזער פריינדשאפט האלטען פעסט!

און יעצט קום איך אייך דאנקען
פאר אייערע געפיהלען און גוטע געדאנקען
וואָס איהר האָט געהאט אין זיננען
און געארבייט ווי די ביהנען
צו פערשאפען אזא טהייערען גוד טאַים
דעם אלטעצקען פאַר־פאָלק אפרים
דערמיט ערפילט איהר דאָס געבאָט
פון דעם הייליגען אלמעכטיגען גאָט:
ווי עס לויטעט דער פינפטער קאמענדמענט
פון אונזער אלטען טעסטאַמענט:
"כבד את אביך ואת אמך
"למען יעריכון ימיך"
האלט עהרליך דיין פאָטער און מוטער
וועסטו דערלעבען א גוטען עלטער.
א בעזונדערער דאנק צו אלע מיינע שניר
דערפאר וואָס זיי זיינען אזוי גוט צו מיר.
ווען טעכטער זיינען גיט
איז עס נאָך קיין וואונדער ניט.
אבער שניר וואָס גלייכען אזוי שווער און שוויגער
דאָס איז איינע פון די וואונדער
וואָס מ׳קען אויספאָהרען וועלטען
און עס באגעגנען זעלטען.
און דעראפר וואָס איהר זענט אזוי גוט און פיין
זאָלט איהר אלע געזונד און שטארק זיין.
מיר זאָלען האָבען אין אייך פיעל נחת
און געהן צו אייך אויף אייערע קינדערס שמחות
און יעצט קומט טרינקען לחיים
פאר דער גאנצער משפחה אפרים
איינגערעכענט די גורעוויצעס, בראונס, סטייווינס
מיט די דאלינסקים, שאָרם און מייערם

ווי אויך אלע צו אונז פערוואנדטע לייט
די פון דער נאָהענט, די פון דער ווייט.
וועלכע געהערן אונז עפּעס אָן
און וואָס האָבען אונז אמאָל גוטס געטהון,
ווינשענדיג צו מיין 71טען יאָהר צום נייעם
א הערצליכען גאָלדען-ווערדינג ל ח י י ם! . .

To all my little kiddies
I will say in English:
I love you all,
Big and small.
Wish you a long life
Full of happiness, without strife,
Always better, never worse,
Girls as well as the boys.



## געבורטס קאָנטראָל.

אקטאבער 1926

פון דעם וואָרט געבורטס קאָנטראל
קערעוועט אין מיר די גאל.
דערפון ווייסט ניט דער אינדיאנער, דער ניגער
בעהיט איז דערפון דער וואָלף, דער טיגער.
דערפון ווייסען נור דזשענטעלליים
פון יעצטיגער ציוויליזירטער צייט.
מיר זאָלען אבער נעהמען אין אנבעטראכט
וואָס די ציוויליזאציע האָט מיטגעבראכט
וואָלט אפשר גלייכער געווען
מ׳זאָל זיך גאָר אָהן איהר באגעהן.
געבראכט האָט זי ערפינדונגען פון יעדען סאָרט
פאר פארניכטונג פאר מאָרד
וואָס זאָגאר דער טייפעל אליין
וואָלט עס האריץ ניט געהאט צו באגעהן.
ווייט שיסענדע קאנאָנען.
טאָרפּידען, סובמארינען,
עראָפּליינס צו אַטאַקירען פון דער הויך,
געזען צו דערשטיקען מיט רויך

און נאָך אזוינע קונצען
מענשען צו לינטשען.
אָט וואָס אונז האָט פערשאפט
די ציוויליזירטע וויסענשאפט
דורך מאנכע גרויסע אינזשענערען,
כעמיקער, מעכאניקער, פּראָפעסאָרען
וואָס האָבען זיך בעשלאָסען גאנץ פעסט
צו טרייען פאר׳ן מלאך המות זייער בעסט
זיי האלטען ניט פון ריטייל
און ארבייטען פאר׳ן האָלסייל.
יעדעס מאָל א גרעסערע נייעס
ווי אומצובּרענגען מאססען-ווייס.
זייער גוואלדיגע פעהיגקייט
האָט זיי פּארפיהרט אזוי ווייט
צו אגיטירען אין איין קול
אז אונז פעהלט נאָך געבורטס קאָנטראָל
אנדערש קענען זיי ניט באשטעהן —
די מענשהייט מוז אינגאנצען אונטערגעהן.
אלעס-אלעס איז ביי זיי כדאי
צו מאכען די ערד מענשען-פריי.
זאָלען מענשען געהן פערלוירען
נאָך איידער זיי ווערען געבוירען.
ניט פארזוכענדיג דעם טעם פון טוידט
ניט זאָרגענדיג פאר׳ן שטיקעל ברויט.
(וואָס זאָגט איהר אויף אזוינע פילאָזאָפען?
אַ גליק וואָלט זיי געטראפען! . . )
זיי האלטען ניט פון קאפריזען
און גיבען אָן דערביי א ריזאָן.
עס לעבען קאָסט זעהר טהייער,
דער יקרות ברענט ווי פייער.
צוערשט דער קאָנגרעס
מיט פארשידענע טעקסעס.
דער גאָווערנמענט נעהמט
מיט טויזענדער הענד,
דאן דער טראָסט
ווי איהם פּאסט

זיין ווילען איז ווי א געבאָט
פון אַן אלמעכטיגען גאָט.
דאן דער האָלסיילער, ריטיילער
און אלערליי פּראָפיטיער.
ווי עפּעס א שטיקעל בעל־הבית
דריקט ער אָהן א מאָס.
אז ניט די לענדלערדס
איז אנדערע שווינדלערס.
יעדע קאָמפּאני באנעהמט
יעדער סטאָרקיפּער באטרימט
דארפט איהר א לויער
מאכט ער אייך אויס אַן אויער.
קומט דער דאָקטאר
סאָקט ער.
ווער שמועסט — דער פּראָפעסאָר,
ער איז שוין גאָר א מענשען-פרעסער.
אויף יעדען טריט,
אויף יעדען שריט
איז נור כאפּ-לאפּ
איז נור א האָלד אָפּ.
שטארקע ווערען נאָך שטאַרקער
שוואכע — נאָך שוואכער
הויטשינדערס זיינען דאָ איבערגעניג,
געגען זיי איז דאָס פאָלק שוואך ווי א פליג
איבערהויפּט דאָס ארבייטער געזינדעל
איז נעבעך שטענדיג עס כפרה־הינדעל
דעם ארבייטער פליקט א יעדער באזונדער
ער מוז ליידען מיט זיין ווייב און קינדער . . .
אזוי אומגעפעהר זיינען די ארגומענטען
פון די איבערגעשפּיצטע אינטעליגענטען . .
זיי זאָגען עס אפילו ניט שלעכט,
אז מ׳וויל זיינען זיי גערעכט.
ווייל וואו ערגעץ אַ ליידיג געהער
ליגט ער אויפ׳ן קארק פונ׳ם ארבייטער
און פון די אלע פּאראזיטען
איז זיך ניט אויסצוהיטען . .

זאָגט זשע מיר מיינע גנעדיגע הערדן
מיט וואָס קענט איהר עס ערקלערן
וואָס אנשטאָט בעזעס צו פערטרייבען
ווילט איהר גאָר אומשולדיגע זאָלען ליידען?
ווען שמעון איז זינדיג
וואָס איז ראובן שולדיג?
מוז דען ראובן אָפּקומען
פאר די זינד פון שמעון?
וואו איז דאָ דער יושר
וואו איז דאָ דער שכל דער גרויסער?
טראכט בעסער וועגען א פעטען
וואָס זאָל אונזער וועלטעלע רעטען.
ענטוויקעלט אזעלכע געדאנקען
ס׳זאָל זיין אייך פאר וואָס צו דאנקען.
טהוט זיך פלייסיג א נעהם
און ארבייט אוים אזא סיסטעם
וואָס זאָל אלעמען געפעלען
און יעדען צופרידען שטעלען.
מענשען זאָלען זיך אכטען און ליבען
פעלקער זאָלען זיך מעהר ניט קריגען,
די גאנצע וועלט ווי זי שטעהט און געהט
זאָל זיך ערקלערען אלס יונייטעד סטייט.
ס׳זאָל הערשען ריכטיגע פרייהייט
מיט פאָלקאָמענער גערעכטיגקייט . . . .
איהר זענט דאָך אזוי סמארט
דער קאָפּ האָט אייך ניט אויסגעדארט,
איהר טויגט זיך צו אלסדינג,
איהר מאכט שוין פון אלט יונג.
איהר קלייבט זיך אויך בעוויזען נסים
ווי לעבעדיג מאכען מתים.
דערביי ווייסט איהר אליין גאנץ שעהן
אז די ערד איז גאָר ניט אזוי קליין,
פלאץ איז גענוג פעראנען
פאַר פיעלע-פיעלע מיליאָנען
און די ערד קען נאָך בעוויזען
זיי אלעמען צו שפייזען.

טאָ וועמען קען עס שאַדען
וואָס מענשען וועלען זיך פלאַדען?
זאָלען זיי זיך מעהרען געזונדערהייד
און געניסען זייער חלק לעבענס-פרייד....
מיר דארפען זיך אבער ניט נארען,
די עקשנים וועט מען ניט איבערשפּארען.
זיי זיינען דאָך פון די הויך שטודירטע,
אויפגעקלערטע, רעפאָרמירטע,
ניט אבי וועלכע מאַזעפּעס....
און געהט טהוט זיי עפּעס!..
אבער פאָרט מוז מען צוגעבען
אז אלעמען איז חשוב עס לעבען.
דער מענש, די חיה, דאָס עוף,
פונ׳ם אָנפאנג אטהעמען ביז צום סוף
זאָלאנג עס ארבייט נאָך זייער מוח
קעמפּט פאר׳ן לעבען מיט דעם לעצטען כוח.
אויך ליגט אלעמען אין זינן
צו פארגרעסרען זיין מין
און דערויף האָט די געטליכע נאַטור
בעשאַפען צו יעדערען זיין פּאָר
זיי זאָלען זיך טרעפען גערן
און זאָלען זיך מעהרען און מעהרען
און פון דעם יונגען ביז דעם אַלטען
טרייען אלע עס לעבען צו דערהאלטען
ווען יעמאנד איז שוין א צובראכענער שארבען
ווילט זיך איהם נאָך אלץ ניט שטארבען.
א גרינג לעבען צו מאַכען איז טאַקע שווער
און דאָך גלוסט זיך לעבען וואָס מעהר...
איבערהויפּט ווילט זיך זאָגען צו די ווייבעלאך
וואָס ווילען זיין פרייע פייגעלאך —
איהר וועט אמאָל אויסגעפינען
אַז דאָס איז געוועזען א געפעהרליכער זיננען.
זייט בעסער פארזיכטיג
און פיהרט זיך ריכטיג.
שפּילט זיך ניט מיט פייער,
עס קען אייך קאָסטען צו טהייער....

די יאָהרען פליהען פלינק.
ניט שטענדיג איז מען יונג.
מ׳ווערט אלץ עלטער
מ׳ווערט אלץ שוואכער.
מיט אַמאָל קוקט איהר זיך ארום
ווי א פרעמדע אומעדום
פערשוואונדען איז דאָס געזינט
און עס פעהלט איין אייגען קינד ....
אוי-אוי-אוי וועט עס אייך הארען
וואָס איז ניטאָ צו וועמען אַ קאָפּ צושפארען
איהר וועט מקנא זיין דער קאץ, דעם הינט
זעהענדיג זיי לאסצען אן אייגען קינד.
אלעם וועט אויסזעהן פינסטער, שווארץ.
איהר וועט זיך אויסעסען שטיקער הארץ
איהר וועט גראדע דערזעהן א קליין קינד
און זיך דערמאָנען די וויסטע זינד
אז פונקט אזא אונשולדיג עופּה׳לע
האָט איהר געמאכט פאר א נופל׳ע.
איהר וועט זיך פארשעלטען דאָס געביין
און זיך שעמען פאר זיך אליין.
גרוים וועט זיין אייער אומגליק
ווייל איהר קענט שוין ניט כאפּען צוריק
אומזיסט דאָס וויינען, דאָס קלאגען
א קינד קענט איהר מעהר ניט האָבען ....
און וואָס קינדערלאָזע ליידען
איז שווער צו בעשרייבען
זי׳יער געמיטה, זייער פּיין
איז ניט מקנא צו זיין
אין הארצען איז א שטענדיגע ווינד
בענקענדיג נאָך א קינד
אומעדיג איז זייער געצעלט
פרעמד איז זיי די וועלט
זיי פיהלען זיך עלענד ווי אַ שטיין
וואָס האָט קיין ברעקעל גוטס ניט געזעהן
עס לעבען איז פוסט
די הארעוואניע אומזיסט

זייער לעבען איז בלויז א פלאָגעניש
ווייל פארלוירען וועט זיין זייער געדעכעניש
פרעמדע וועלען זיי באגראָבען
קיין אייגענער וועט נאָך זיי ניט קלאָגען
אַ דאָקטאָר אַ פראָמינענטער
מיינער אַ באקאנטער
וואָס האָט שוין פיעלעס אויפגעטהין
פראַקטיצירענד מעדעצין
האָט מיט פולעס איבערצייגונג
אויסגעשפּראָכען זיין מיינונג
אז געבורטס קאָנטראָל
איז דער ערגסטער קרימינאל
וואָס בעשמוצט דיא נשמה
און פאַר׳ן געזונד אַ סכנה
אַזוינע לייטע, זאָגט ער, קען מען דערקאנען
אַז זיי זיינען ניט פאָלקאָמען —
עפּעס דריקט זיי,
עפּעס פעהלט זיי,
אַקאָרשט זיי געהען אַרופּ פון זינען
און קענען זיך קיין אָרט ניט געפינען.
מ׳וועט זיך נעווער פיהלען נאָרמאַל
געברויכענדיג געבורטס קאָנטראָל.
אָדער מ׳ווערט פון געזונד אויסגעשטעלט
אָדער מ׳געהט יונגערהייט פון דער וועלט...
נעהמט עס גוט אין זינען, אידישע טעכטער,
אַז טהרות הגוף איז ניט קיין געלעכטער
ווער עס טרייבט דערמיט קאַטאָוועס
דער שפּילט זיך מיט סם-המות
טהיט ניט וואָס ס׳איז אָסר,
פיהרט זיך אידיש, פיהרט זיך כשר
און אַלס אַ פרוי אַ גוטע
וועט איהר ניט האָבען קיין חרטה...
בעטראכט דעם שעהנעם עפּעקט
מיט דעם גרויסען רעספּעקט
וואָס מ׳טהיילט צי צו אַ ליידי
ווען זי האלט נעבען זיך איהר בייבי!

אומעטום מאַכט זי אַ היט,
אומעטום דערלאַנגט מען איהר אַ סיט...
פיעל גליק וועט איהר געניסען
האָבענדיג אַן אייגען קינד צו קישען
פאר׳ן מינדעסטען חן׳דעלע
וועט איהר עס אויסקישען יעדעס ביינדעלע,
און ווען איהר וועט עס ערציהען צו אַ תכלית
וועט איהר האָבען דערפון נחת
עס וועט אייך פרעהען און אַמוזירען
און האָבען צו שטאָלצירען,
צו ערשט מיט׳ן נאָמען מאַמא
און נאַכהער מיט׳ן נאָמען גרענד-מאַ...
נעהמט אייך פאַר אַ ביישפיל מיין פרוי
אלע מעגען זיך ווינשען אַזוי,
10 אומבעשריען פארהייראטע קינדערלאך
מיט פיעל איינעקלאך און אוראיינעקלאך
אַלע ווי די שעהנע קוויטען
איינער שעהנער פאר׳ן צווייטען
א געזינדעל פון 74 נפשות
וואָס פארשאַפען אונז גרויס נחת
ווייל זי האָט ניט געוואוסט קיין מאָל
פון דעם פערדאמטען געבורטס קאָנטראָל
שטעלט זיך פאָר א גליקליכע פאָר
נאָך א ריכטיגען צוזאמען לעבען פון 50 יאָהר
וואָס פארמאָגען קינדער א היבשען סטאָק
מיט אייניקלאך און אור אייניקלאך א גאנצען פאק
און אָט זיינען זיי געקומען אין צייט
צום אַלטען פאָרל׳ס גאָלדענער האָכצייט
וויפיעל פרייד און פארגניגען האָבען זיי אלע
די גאנצע וועלט איז זיי מקנא
פון גרויס און קליין הערט זיך דער מזל-טוב
פול מיט ליבשאַפט און מיט כבוד-אב
אזא נחת און אזוינע פריידען
מעג מען זיך ווינשען צו דערלעבען
און דאָס מעגט איהר וויסען איז עס געשעהן
טאַקע מיט מיר אליין.

דארום לאָזט זיך ניט פארפיהרען
פון די וואָס אַגיטירען
געגען אייער נאַטור צו פעלשען
וועט איהר זיין עכט פיינע מענשען.
דען ווי קען מען אזוינעם קריגען
וואָס זאָל די נאַטור איבערקליגען
איהר ענדליכער צוועק איז פון אונז פארבאָרגען
מיר מוזען זיא ניט פאַרזאָרגען
ניט מיט אונזער שכל איז די וועלט באשאפען
און ניט מיר האָבען איבער איהר צו שאַפען
דער וואָס דענקט די נאַטור איבערמאַכען
מעגט איהר איהם גאַנץ שעהן אויסלאכען...
זאָל ער זיך אַליין עס לעבען נעהמען
און ניט זיין אַ וואטרען אויף יענעם!...
אָבער אונזערע ליעבע איבעראל
זאָלען בעהיט זיין פון געבורטס קאָנטראָל.
און געניסען וואהרען פערגניגען
וואָס עס פאמיליע לעבען קען געבען.



## אַפּיעל צו דעם
### בני אפרים פאמילי סוירקעל, אינק.
אָקטאָבער 3, 1929

ליבע שוועסטער און ברידער
געשעצטע בני אפרים מיטגלידער!
צום 75טען יאָהר פון מיין עלטער
האָב איך אייך צו אדרעסירען א פּאָר ווערטער
און דערביי זיך באניצען
מעהר ווי מיט מינדליכען ספּיצען
אז ס'איז ווערטה זיך ארומצוזעהען
אויב מיר פיהרען זיך גוט, אדער ניין.
מיר האָבען מעמבערס, זאָלען זיין געזונד,
וואָס האָבען פולען צוטרויען פארדינט.
זיי האָבען די מיטינגען גוט אין זיננען
און פארפעהלען קיין מאָל ניט צו קומען

איך מוז אבער צוגעבען גאנץ שטיל,
אז אזוינע האָבען מיר ניט פיעל.
איך קען זיי אָנרופען ביי די נעמען
ס׳ווילט זיך נור ניט דזשעלאָס מאכען קיינעם.
וועלל . . .  אין יעדער סאָסייעטי איז אזוי:
ניט אלע מעמבערס זיינען אוי־אוי־אוי.
איינעגע זיינען פלייסיגע, וואוילע,
עס גיבט אויך קאלטע, פוילע
ביי אונז איז שוין באלד 4 יאָהר
אז סע קומט אויך דאָס זעלבע פאָר.
דאָס איז אבער זעהר ניט פיין
מיר מוזען זיך פלייסען ס׳זאָל אזוי נישט זיין!
האָט איהר ווען ס׳איז געזעהן אָדער געהערט
וואָס פון אַנגעשטעלטער מילך סע ווערט?
— א ביסעלע קרים פון אויבען,
א שטיקעל קעז אימיטען
און גאָר אונטען דערצו
נאָך א היבש ביסעל סוראוועטקע...
די זאָגענאַנטע ברידער קרים ארבייטען גיט
און ווערען נעווער מיד
די ברידער קעז העלפען צייטענוויים ארוים
און מיט אמאָל פארשווינדען זיי... אוים...
ברידער סוראוועטקע די ווילען פון גאָרניט וויסען
מעהר ווי דיוס איז פון זיי ניט צו געניסען.
אמת! דיוס מיינט פאר דער סאָסייעטי א סך
אבער פארפעהלען מיטינגס איז א שעדליכע זאך
מיטינגס באזוכען ריכטיג איז די הויפט
ווער סע קומט דארף זיין געשעצט און געלויבט.
דען וואָס וואָלט ווערען פון דער סאָסייטע
אָהן דידאָזיגע געטרייע לייטע
ווען זיי ארבייטען ניט אזוי גערן
וואָס וואָלט פון דער סאָסייעטי געקענט ווערען?
מ׳וואָלט גאָרניט געקענט דערלאנגען
אלעס וואָלט חלילה צור גרונד געגאנגען...
איך באשווער אייך שוועסטערלאך, ברידערלאך
זייט צוזאמען פאראייניגטע פריינטעלאך

קומט זיך באגריסען ביי אלע פערזאמלונגען
און נעהמען אנטהייל אין די פערהאנדלונגען
אייער אנוועזענהייט וועט ברענגען פּראָגרעס
אבער אייער אבוועזענהייט פיהרט צו רעגרעס
צו א יעדען איינציגען מעמבער
זאָג איך מיט'ן הארבען וואָרט... רעמעמבער!
זאָלען אנדערע פאר דיר נים שוויצען,
ביזט אויך ניט קליין צו ברענגען ניטצען!
פיהר זיך באגלייך מיט לייטען
און פארהאלט זיך ניט פון ווייטען
האָסטו עס ניט געטהון ביז אהער
נעהם דיר פון יעצט-אָן דיין שעער
ברייגנט מיט מיינונגען ווי איהר פארשטעהט
צו מאכען אונזער סאָסייעטי אַפּ-טו-דעיט
זאָל מען הערען פון אייך עטוואָס נייס
קלערט צו עטוואָס גוטס
און לאָזט זיך דערביי אָפּטער הערען,
דען א יעדען ריזאָן נעהמען מיר אָן גערען.
אייגענטליך מיטטען מיר נאָר
א וועלכע צוועלף מאָל דורך א גאנץ יאָהר,
א פּאָר שטונדען אין מאָנאט, נישט מעהר
איז, דאכט מיר, גאָרניט אזוי שווער.
בארעכענט ווי פיין דאָס וואָלט געוועזן
מיר זאָלען זיך טאַקע ביי אלע מיטינגס זעהן
עס וואָלט אונז שטארקער פאראייניגט
און אימִמער מעהר באפריינדעט.
4 יאָהר אז די סאָסייעטי איז געבוירען געוואָרען
און וועט האָפענדליך עקזיסטירען אייביגע יאָהרען
אונזער ערשטער געדאנק פון אַן ארגאניזיישאָן
איז דאָך געוועזן צוליב דער פוטורע גענעריישאָן
ווען אונזערע פאמיליעס וועלען זיך פארמעהרען
זאָלען זיי ניט אָבגעפערמדט ווערען
און דאָס איז דער נאָבעלסטער צוועק אין לעבען
צו וועלכען מ'איז פארפּפליכטעט צו שטרעבען
און ביי אייך, שוועסטערלאך, ווילט זיך פועל'ן
זעהט אייערע מענער זאָלען זיך נים פוילען

און נישט אַמאָל א מיטינג צו פערזאַמען,
טאקע מיט אייך, שוועסטערלאך צוזאמען.
טרייעט אייער בעסט און העלפט
איהר זענט דאָך עפּעס אונזער בעסערע העלפט
ס׳האָבען שוין געפעהלט די אמאָליגע צייטען
ווען ווייבער האָבען געמוזט זיין פון ווייטען.
מענער האָבען זיך אמוזירט אליין ·
און זייערע פרויען פלעגען זיי לאָזען אין דער היים
היינט זיינען זיי ביי אלעמען געגרויסט
אמעריקא האָט באשלאָסען: ליידים פוירסט!
מ׳איז ענדליך געקומען צום פערשטאַנד
אז ס׳איז גלייכער אָנצוגעהן האנד־אין־האנד
איבערהויפּט נאָך די היגע ווייבעלאך
זיינען שוין גאָר ניט פון די שיפע זיבעלאך,
יעס סער!
זיי פארשטעהען וואָס צו עפּעס געהער.
עס פּאסירט אָפטמאָל גאנץ פיין
וואָס זיי פארנארען די מאנסלייט אין זאק אריין.
אלזאָ, ווירדיגע שוועסטער און ברידער.
איך האָב אמאָל געזאָגט און זאָג עס ווידער:
גרויס איז אונזער פפליכט צום פאמילי־פערבאנד,
מ׳קען עס ניט אוועק מאכען מיט דער האנד.
א פארברעכען וועט דער יעניגער באגעהן,
וואָס לאָזט זיך עס ניט צו גיבען פארשטעהן,
אז נאָר דורך א געווינשטען ביישפּיל
וועלען מיר געווים אויפטהון זעהר פיעל.
ריכטיגע ארבייט איז די זאפט
וואָס ברענגט אריין סוקסעס און קראפט,
און זאָלען די בני אפרים איממער מעהר
וואקסען שעהן, גרויס און זיין פּאָפּולער
און שנעל דערגרייכט א גלענצענדען שם
אין דער מדינה פון אָנקעל סעם
נאָר געטריי געארבעט, וועלען מיר זיין זיכער
ארויפצוארבייטען אונזער סוירקל העכער און העכער,
האָבענדיג פיל נוטצען א יעדער באזונדער
און א פעסטע ארגאניזיישאָן אויף קינדס קינדער.

# מאמע-לשון

באליבט און נאָהענט צום הארצען
איז מיר דאָס אידישע מאמע-לשון
זשאַרגאָן איז ווירקליך די איינציגע שפּראך
וואָס איז פאר אונז ווערטה זעהר א סך
זי האָט אונז געדינט אין די נויטהען
אין פיעלע שווערע צייטען
ווען זייענדיג געצוואונגען צו וואנדערען
פון איין לאנד אין אַן אַנדערען
צווישען פעלקער פון אלערליי מדינות
מיט אומבאַקאַנטע פרעמדע לשונות
האָבען מיר זיך געפיהלט איבער דעם
זעהר עלענד און אומבעקוועם
אָבער טרעפענדיג צווישען די איינוואוינער אידען
וואָס מ׳קען זיך מיט זיי צונויפרעדען,
אידען וועלכע האָבען זייער שפּראך ניט פארבויגען
איז אונז געוואָרען אַ ליכט אין די אויגען.
און ביסלעכווייס זיך צופיהרט די הענד
בעפאָר מ׳האָט זיך מיט דער לאנדשפּראכע באקענט.
פון אונזערע ברידער די גרעסטע צאָל
האָבען עס פארזוכט שוין פיעלע מאָל,
זאָגאר די מעהרערע אידען פון דאנען
זיינען אויך אַנטלאָפענע פון פּאָגראָמען
און עס איז נאָך דאָ גענוג אונזעריגע אויף דער וועלט
וואָס האלטען דעם וואנדער-שטעקען אין די הענד
און זוכען זיך אריבערכאפּען אויף אזא אָרט
וואו מ׳קען זיך צוזאמענרעדען אויף דעם היימישען אַרט.
ברידער! אונזער מוטער-שפּראך זאָלט איהר
ניט פארווארפען
מעגליך אז מ׳וועט עס נאָך שטארק באדארפען . . .
לערנט אויך אייערע קינדער אידיש רעדען
און טאַקע גוט שרייבען און לעזען
דען פיעלע שריפטען אין אידיש שטעלען מיט זיך פאָר
א העכסט רייכע און נוצליכע ליטעראטור.

# דער בוים און דער מענש.

אפריל 24, 1930

אין אַ געגענעד פון ווילדע וועלדער
און שוין לאנג ניט געאַקערטע פעלדער
איז אַ בוים זיך געשטאַנען באַריהמט,
מיט שעהנע צווייגען און בלעטער געבליהט.
עס פלעגט מיר אָפטמאָל גערוטען
צו פארברענגען אונטער זיין שטן.
איך האָב ליב געהאט איהם בעאָבאַכטען
און דערביי וועגען איהם זיך טראַכטען:
וויפיל ווארעמע, שעהנע זומערען
וויפיל קאַלטע שטורמדיגע ווינטערן,
וויפיל פאַרשידענע צייטען אָהן צאָהל
ער האָט שוין פארזוכט פיעל מאָל,
וויפיל צרות אין זיין לאַנגען לעבען
האָט דער בוים געמוזט איבערלעבען.
זיין אַן עדות ביי טרייע און פאַלשע ליעבעס
געהיימע פערזאמלונגען, שרעקליכע מלחמות . .
חיות וואָס האָבען זיך אויף איהם געדראַפּעט
זיינע צווייגעלאך געגריזעט, זיין הויט צודראַפּעט.
און אפשר געדענקט ער נאָך זיין זיידען
אַ שכן צום פייגענבוים אין גן עדן
אין וועמענס בלעטער אָדם האָט זיך באקליידט
שעמענדיג זיך צו געהן נאַקעטערהייד
און צוגלייך מיט'ן מענשען, דורך גאָטס צאָרן
אין א ווייטער מדינה פארוואָרפען געוואָרען.
ער פיהלט זיך אָבער ניט קיין פרעמדער
נאָר וויא אן אַלטער בירגער
לייטע האָבען פון דעם בויםס צווייגעלאך
געפלאנצט פילע נייע בוימעלאך,
און ביסלעכווייז איז פונם יונגווארג
אויסגעוואַקסען אַ שעהנער פאַרק
וואו עס איז אַנגענעהם שפאַצירען
און וואו מען קען זיך פיין אַמוזירען
דער אַלטער בוים האָט אָנגעקוועלט
און געשעצט זיך גליקליך אויף דער וועלט

געפיהלט זיך פאָלקאָמען געזונד
און געשעפּט נחת פון זיין הויזגעזינד...
און ווער וואָלט זיך ניט פיהלען גליקליך
מיט אַזוינע געראָטענע קינדערלאך?...
ליידער איז גאָר אַזא זאַך נישטאָ,
וואָס זאָל ווענס ניט פארשטערט ווערען זיין רוה...
עס האָט זיך באוויזען נאָהענט אַ דערפעל,
באלד איז געוואָרען דערפון אַ שטעטעל.
מען האָט זיך אַרומגעזעהן אין איינינע טעג,
אַז דער בוים איז זיי אין וועג.
וואו מ׳האָט צו מאַכען סטריטען
אַרום דיא הייזער און קלייטען.
אַזוי פיהרט זיך עס איבעראַל
דאס איז דיא בוימערס שיקזאַל.
און אום ס׳זאָל ווערען גרוימער
שמייסט מען אַרויס דיא בוימער.
מ׳האָט דאָ אויך לאנג ניט געטראַכט
און דעם אָרימען בוים אומגעבראַכט.
איבערזעצען האָט מען איהם ניט געקאנט
ווייל ער איז נעבעך געווען צו אַלט.
און מעהר ניט געטויגט פאר קיינע זאַכען,
סיידען בלויז אויף פייער צו מאַכען.
מ׳האָט איהם געמוזט צוזעגען און צוהאקען,
און ברענען ביים קאָכען, ביים באַקען.
גלייך ווי אויף דער וועלעט ניט געווען...
מיר מוזען אָבער זעהען וואָס ווייטער איז געשעהן.
אויב איהר דענקט, אַז זיין גאַנצער כח
איז אַוועק מיט׳ן ווינט און מיט׳ן רויך..
דאַן מעגט איהר זיך באַמיהען
און זעהען זיינע צווייגען בליהען.
דער פּאַרק איז אַ שפּראָצונג פון זיין זאַפט,
און די ווייטערע פאָרטזעצונג פון זיין קראַפט.
איהר וועט די בוימער דערקענען באַלד,
אַלס ריכטיגע קאָפּיעס פון זיין געשטאַלט.
דיזעלבע צווייגען, דיזעלבע בלעטער
און דערצו פיעל פרישער און גלאַטער.

וויא ער וואָלט ווערען אין א מעהרצאָל געבוירען
און האָט נאָך גאָרניט אָנגעוואוירען.
עס איז לייכט זיך צו איבערצייגען,
לויט די אַלע איבערגעפּלאנצטע צווייגען,
וואָס ווערען געזעהען דאָ און דאָרט,
און פאַרנעהמען אַלע מאָל מעהר אָרט.
ווייל הימעל און ערד האָבען געשוואוירען,
אַז קיין זאַך זאָל ניט ווערען פארלוירען.
עס גיבט א ווערטעל צו דער זאך,
וואָס בעדייטעט מאַנכעסמאָל זעהר אַ סך.
"גם זה יעבר" אַלעס געהט פאראיבער,
אום צו קומען ווידער און ווידער.
אַ ביישפּיל איז פון זייגער דער ווייזער,
ווי ער געהט פאָרוועֶרטס אַלץ ווייטער.
און אַזוי געהענדיג קומט ער פאָרט,
נאָך פיעלע מאָל צום זעלבען אָרט.
דאָס זעלבע קומט אויך פאָר
מיט דער גאַנצער נאַטור.
זיא צוברעכט און פאַרעכט טאָג און נאַכט,
מיט אַ געהיימען פּלאַן און געטליכער מאַכט.
און אַלעס וואָס איז געווען אַ מאָל
מוז אַוועק און קומען נאָך פיעלע מאָל.
זיין עקזיסטענץ ווערט נאָר פארענדערט,
אָבער דערביי גאָר ניט פארקלענערט...
ווי דער בוים וואָס איז דאָ פאָרגעשטעלט
איז אויך דער מענש אויף דער וועלט.
בלויז וואָס אַ בוים מיט זיינע קינדער
קענען שטעהען צוזאמען אָדער באזונדער,
דער מענש איז געבוירען ארום צו געהן,
דערפאר איז ער אָבגעטהיילט פאר זיך אַליין.
און ווען עס קומט זיין צייט צו שטאַרבען
וועט עס איהם גענצליך ניט פארדארבען
אויב קינדער זיינען פון איהם געבוירען
געהט זיין געדעכנים נישט פארלוירען
דער כלל איז, דור הולך ודור באָ
אַוועק געגאנגען און איז פאָרט דאָ.

דעם אָבגעלעבטען קערפּער אויפגעגעבען
די אונשטערבליכע נשמה וועט אימער לעבען.
די זעעלע פארשווינדט ניט נאָכ׳ן טויט
זיא איז באַציִיטענס אריין אין אַן אַנדער הויט.
זיא וואוינט אין די קינדער גאַנץ שעהן,
און פערבלייבט דיזעלבע ווי געוועזן.
זאָגאר קערפּערליך האָבען קינדער אין זיך
אַ היבש ביסעל פונ׳ם פּאָטערס איך.
עס גיבט אָפּט, אַז יעדער איינער
איז אין גאַנצען טאַטעטצקע מיט די ביינער.
זיין געשטאַלט, זיין געשמאַק
זיין כאַראַקטער מיט האק און פּאַק.
קינדערלאך ! אויב איהר ווילט מיך הערען,
זאָלט איהר ניט פארגיסען נאָך מיר אַ סך טרערען.
און ניט מאַכען קיין גרויסען גוואלד,
ווי ס׳ וואָלט ג׳פּגר׳ט אַ בער אין וואַלד.
ווייל אַנשטאַט דעם פארעלטערטען בער
וואָס וועט ווערען ניט אַהין ניט אַהער.
וועט איהר איה״ש האָבען אַנדערע בערעלאך
צווישען די יונגע ליבינקע בייבעלאך.
אַבי איהר וועט ניט פארדרעהען אַזוי פּאַני
און זיי רופען בעני, בויני אָדער באָני.
יעדענפאלס, האָב איך די וועלט ניט באשאפען
און האָב מיט איהר זיך ניט צו שאפען.
אלעס וואָס איז אויף דער וועלט פאראן
ענדערט זיך כסדר נאָך אַ געוויסען פּלאַן.
ליידער זיינען אונזערע קעפּעלאך צו קליין,
אַזוינע טיפע סודות צו פאַרשטעהן.
וויפיל מיר זאָלען ניט נאַשען פונ׳ם עץ-הדעת
קומט צו עפּעס זאָגט מען אונז: — אלאסס !
מ׳דאַרף זיך אבער אין חקירות ניט אריינלאָזען
און אויפ׳ן אלמעכטיגען באשעפער זיך פארלאָזען
צו איהם באלאנגט די גאנצע וועלט
און אלעס געשעהט ווי איהם געפעלט
זאָל ער פאר אונז זאָרגען געזונדערהייד
און זאָל עס געהן ווי סע געהט.

איך וועל ברענגען נאָך א ביישפּיל
פון וועלכען מ׳קען לערנען פיל.
אויף אונזערע קינדער איז דערקענען ניט שווער
אז זיי שטאַמען פון זיידען בער,
ווי אויך אין יעדע טאכטער, אין יעדע מאמע
קען מען דערקענען זייער גראָסמוטער נחמה
עפּעס דיזעלבע יענטע נור אנדערש געשלייערט,
בלויז מעהר ענטוויקעלט און פערפיינערט.
און וואו האָבען זיך אונזערע עלטערן גענומען?
פון זייערע אבות זיינען זיי געקומען
עס וועלען קומען שפּעטערע דורות
דאן וועט מען אונז דערמאָנען אלס אבות
אזוי ציהען זיך ווי קייטען פון רינגעלאך
טאַטע־מאַמעס, קינדער איינעקלאך
מיט דעמזעלבען געשטאַלט כמעט
ווי א י י ן מאַמע וואָלט זיי געהאט.
ווייל די נאטור האָט איהר שטרענגען געזעץ
פון שאַף זאָל ניט ווערען קעץ.
און אז מען פארזעעט פּאָטייטעס
זאָל ניט וואקסען טאָמייטעס
און וואָס א פּאָטער איז גערן צו טהין
געלוסט עס אויך צו זיינע זיהן
ווועמענס פּאָטער עס איז א גוד באָי
וועט ער געוויס אויך זיין אזוי
ריינע געדאנקען האָט אין אייער זינן
וועט מיין נשמה קענען רוהען
און אז מיין צייט וועט קומען פון אייך זיך שיידען
וועט איהר דאָך בלייבען אָהן א זיידען
זאָלט איהר דערפון קיין צימעס ניט מאכען
דען דאָס איז פון די אונפערמיידליכע זאכען
הלוואי פארפליהט ניט מיין גייסט אין דערהויך
און זאָל בלייבען ביי אייך אין מוח
איך וואָלט אויך אויף די שטערענס פארשריבען
אז איהר זענט ווערטה מ׳זאָל אייך ליבען
איהר זענט גרייט שטענדיג גוטס צו טהין
קיין בעזע מחשבה קומט אייך ניט אין זינן

פערבלייבט שטענדיג בעפריינדעט,
פארהאלט זיך טריי און פאראייניגט
אלע פאר איינעם, איינער פאר אלע
דאָס איז די שעהנסטע, די בעסטע מעלה
מיין פאָטער-וואונש זאָל איבער אייך שוועבען
איהר זאָלט מצליח זיין אין אייער לעבען
האָבען נחת אין די קינדערלאך
מיט איינעקלאך און אור-אור איינעקלאך
און ווי א געבענשטער קוואל מים-חיים
זאָל פליסען די משפחה בני אפרים
אזוי איז דער הערצליכער באגער
פון די בני אפרים׳ס זיידע בער.



## ווען די צייט איז אַלל-רייט.

אקטאָבער 1930

אַ יעדען מענשענ׳ס יאָהרען
האָבען דעמזעלבען חסרון
גוטע פליהען שנעל ווי די שוועלבעלאך
שלעכטע ריהרען זיך ווי בלייענע פייגעלאך
בלויז איין מעלה האָט די צייט אין זיך
וואָס שלעכטס געוועהנליך פארגעסט מען גיך.
פארגאנגענע שווערע יאָהרען
ווערען ביסלעכווייס אויסגעווישט פון זכרון
יעדע אַנגסט פארשווינדט ווי רויך,
בלויז גוטעס געדענקט דער מח.
עס ווערען פאַרגעסען די אַלע פּלאָגען
וואָס מ׳האָט געמוזט איבערטראָגען
דאַגעגען אָבער, ווען עס געהט אונז גיט
אָה, ווי שנעל די צייט פליהט!
אויף עהרען וואָרט, מעג מען זאָגען,
מיט 10 פאָר אָקסען וועט איהר זי ניט אָניאָגען,
די צייט האָט נעבעך קיין צייט ניט -
און וועט ניט סטאָפּען אפילו אויף אַ מינוט...
אָט, דאַכט זיך, בין איך אַ קליין קינד
און דריגע מיט די פיסלאַך אַזוי געשווינד

אָבער באַלד בין איך מיר אַ תלמוד אין חדר
און פרעג די 4 קשיות ביים סדר.
אביסעלע שפּעטער קומט אונטער דער מאָמענט
אהאַ, איך בין אויך אַן אַרבייטער אויף דער וועלט!
און פיהל מיך פאַוואָלינקע גרויס געגונג
צו הייראַטען מיין באַשערטען זיווג.
און בעפאָר איך קוק מיך ארום אַמאָל,
כמעט ווי אין איין שמע ישראל,
זעהט נאָר, זעהט אַ גרויס וואונדער
בערעלע איז זיך אַ טאַטע פון 10 קינדער
און איידער וואָס-ווער
איז נחמה׳לע די שוויגער און איך דער שווער.
די טעכטער, די זיהן למזל אויסגעגעבען,
דיעד-דא-באבא זיינען מיר געבליבען.
די צייט לויפט זיך ביי עקספּרעס... מיטאַמאָל,
אַ געזינדעל, דאַן נאָך 55 אין צאָהל.
האָבען זיך פערזאמעלט צו דער צייט
פון מיין גאָלדענער האָכצייט
זיי הולען, זיי טאַנצען ארום אונזביידע,
קאָם דערלעבט אַ נחת אין די באָבע-זיידע
קינדער, אייניקלאך, כן ירבו, זיי זשימען;
מזל טוב! דער זיידע האָט די באָבע גענומען!
דערביי ווערט אויך בעשלאָסען
צו גרינדען אַ פאַמיליע-אַסאָסיאיישאָן.
נאָר מיר לעגט עס זיך עפּעס ניט אויפן זינען
אַז גאַנצע 5 יאָהר איז שוין דעראינען,
כאָטש נעם פאר אַ מנין אידען און שווער
אַז ס׳איז ערשט וועלכע 5 מאָנאט נישט מעהר
אייגענטליך אָבער האלטען מיר שוין העט-העט
און פייערען אונזער 5 יעהריגען באַנקעט...
יעם סערי!
ס׳איז שוין די פינפטע עניווערסערי!
דאָס געזינדעל איז שוין 68 ביז אַ הער
און באַלד באַלד וועט איה״ש ווערען מעהר.
אין איין וועגס איז מיר דערווייל געלינגען
מיין פינף און זיבציגסטע יאָהר אַריבערשפּרינגען

אָבער ווארום איז מיר די צייט אַזוי געפלויגען?
ווייל איך האָב ניט געהאט קיין גרויסע אויגען.
ווייט פון קנאָה, פון שנאָה, פון קריג.
וויפיל איך האָב פארמאָגט איז געווען גענוג
יום טוב איז מיר אַ יעדער טאָג
און פרעה מיך מיט דעם וואָס איך פאַרמאָג
ווייב און קינדער זאָלען נאָר געזונד זיין,
איז דאָס שוין אליין מיין בעסטער גוד טיים
יעדעם מאָל וואָס איך טהו אויף זיי אַ קיק,
פערשאַפט עס מיר גרויס גליק.
איך ליב זיי שטאַרק אַ יעדען באזונדער
אַלע זיינען זיי צו מיר טהייערע קינדער.
איך וויים אויך ניט פון קיין גדלות
און עס קימערט מיך ניט קיינעמס עוולות...
אַזוי, קינדערלאך, אַז איהר וועט זיך פיהרען,
וועט איהר זיך אימער גוט פיהלען.
קריכט קיינעם ניט אין די לעבער
און פלייסט זיך צו טהון יעדערען אַ פייווער
אַמוזירט זיך, וואָס אָפטער, געזונטערהייד,
פארשאַפט זיך און פארשאַפט אַלעמען פרייד.
טרייעט אויך פאַר אונזער סוירקל דאָס בעסט,
ער זאָל ווערען שטארק און פעסט.
מעהר איהר וועט זיך האלטען פאראייניגט
בעסער וועט איהר זיך פיהלען בעפריינדעט.
דאָס קען אייך ברייגען נוטצען פיעל,
ווי אויך פאַר די קינדער אַ גוטער ביישפיעל.
זיי זאָלען צושטעהן צו אייך מיט פערגעניגען,
און דער סוירקעל וועט אלץ העכער שטיגען.
נעמט עס אייך גוט אין זינן,
און ווייסט וואָס איהר האָט צו טהין.
איך פיהל מיך איבערצייט אין פאָראויס,
אַז אונזער סאָסייעטי וועט ווערען גאַנץ גרויס.
פיעל פרייד וועלען מיר האָבען צו געניסען,
צוזאמען מיט אונזער פיוטשער גענערעישאָן.
און לכבוד דער עניווואירסערי דער פינפטער,
וויל איך אויסשפרעכען אַ פאַר דאַנק-ווערטער

צו די בעאַמטע וואָס האָבען אַזוי טריי געדינט,
און אונזער אַלעמענס דאַנק פאַרדינט.
אָנפאַנגענדיג פון די פּרעזידענטען,
וואָס זיינען ווערטה די שעהנסטע קאָמפּלימענטען.
אַט קענט איהר זיי אַלע דאָ זעהען,
איזי מיט דזשאָו אפרים און בען בוירגשטיין
ווי אויך אַלע ווירדיגע מיטגלידער,
אונזערע אַלערליבסטע שוועסטער און ברידער,
איבערהויפּט אונזערע אָפּיסערס און אַלע לייטע,
וואָס ארבייטען צום וואָהלזיין דער סאָסייעטי.
איך אפּעליר צו אייערע נאָבעלע געפיהלען,
זיי זאָלען זיך נימאַלס אָפּקיהלען.
דאַן וועט זיכער דער סוירקל פּראָגרעסירען,
און אויף לאַנגע מזל׳דיגע יאָהר עקזיסטירען.
מעהרערע יובילעאומס זאָלען מיר נאָך פייערען
פון אונזער פאַמיליע-סוירקל דעם טהייערען.
פיעל גליק צו מיין 76-טען יאָהר צום נייעם,
ווינש איך אַלע אונזערע בני אפרים.
ביי אַלערליי שמחות זאָלען מיר זיך זעהען,
זאָגט אמן, אָמן ואָמן!

●

## מתישלך מיט׳ן ספּאָדעק

אפשר געדענקט איהר מתישלך, מיר צו לענגערע יאָהר
מיר וואָלטעןביידע געוועזן אַ גלייכע פּאָאר.
נישט מעהר ווי אריבער 900 יאָהר האָט ער געלעבט
און אַ היבש ביסעל באַנדיטלאַך זיך דערלעבט.
ס׳האָבען זיך פארמעהרט בשירות פון דאָ, פון דאָרט
ניט איינצוזיצען אויף אַן אָרט.
כסדר איז ער געוועזן פאַרטהין,
די מלבושים אויסטהין, די אָנטהין.
איהר מוזט וויסען, אַז אין זיינע צייטען
איז געוועזן אַ סטייל די קליידער בייטען.
א נייע פאדי, א נייע קאַפּאָטע, נייע הויזען
און אַלע פארשידענע שאַלעמויזען.

עס איז געווען אַ רחמנות צו זעהן
וואָס דער אַלטער האָט נעבעך געהאט אויסצושטעהן.
ווער שמיסט ווען ס'איז געקומען צו דער טייד
האָט מען שוין געקאנט אָנשפּארען ווייט-ווייט.
פונקט ווי מיט מיר עס קומט פּאָר,
ס'זאָל עס גאָר פּעהלען אַ האָר.
ביז ס'איז געקומען זיין איר איר איר איר
איר איר איר איינקעל לויט,
דאָס שפּיטץ נעזעל אַביסינקע רויט.
ער האָט געמוזט דערטאפּען דעם צאַפּען
און זיך צוכאַפּען צום ביטערען טראָפּען.
און מיט חשק אַריינגיסען און געניסען,
פון דעם געוויסען פּראָהיבישען.
מיט איינעם וואָרט: לוט האָט געמאַכט אַ כוסה
אָבער גאָר, גאָר אַ גרויסע.
קוים וואָס ער האָט זיך געהאלטען אויף די פיס,
און שיעור, שיעור ניט ארונטערגעפאלען אונטערן טיש
ביסלעכווייז האָט ער קוים אויסגעגלייכט די פּלייצע
און דעליווערט אַזא און אַזא עצה:
מיין עלטער עלטער עלף און ניינציג מאָל,
עלטער זיידע מתישלך
איז נעבאך אַ ליבהארציגער למך.
ווער הייסט איהם זיין אַ יענקי,
און נאָכטהין אלעמען ווי אַ מאָנקי?
זיי אַ ספּאָרט אין די זעלבע תחתונים מיט
דיזעלבע קיטלען,
און טשענדזשע נאָר דיינע היטלען.
און טאָמער איז דיר דאָס אויך צו שווער,
ווייל בשירות אָהן עין הרע (קלאפּ אין טיש)
קומען אַלס מעהר און מעהר.
זאָל מען נעהמען פון יעדען היטעל
און אויסשניידען אַ צוויקעל.
און דערפון צונויפשטעלען אַ אַפּ-טו-דייט ספּאָדעק
וואָס זאָל מעטשען מתושלך דעם צדיק.
וועט זיין דיין סטעדי דזשאַב נישט מעהר,
ווי דרעהען דעם ספּאָדעק אהין אָדער אהער.

אַזוי ווי עס קומט נאָר אַ קאָלל,
אַ דרעה דעם ספּאָדעק, דאַטס אָלל!
און פון דעמאָלט אָן, זאָ לאַנג ער האָט געלעבט,
האָט ער יומם ולילה זיין ספּאָדעקעל געדרעהט.
מען זאָגט, אַז פאר זיין טהייערען פּראָפּאָזישאָן
האָט לוט געקעטשט אַ היבשען קאָמישאָן. . .

---

זעהט איהר ווען איך באקום אַזא ספּאָדאק,
וואָלט איך אפשר פּטור געוואָרען פון האק און פּאַק.
און געקענט פארברייינגען מיט אייך צוזאמען,
גאָר אָהן די אַלע גראַמען
פּאַרשפּאָרט זיצען און שוויצען,
און שניצען ספּיטשען מיט וויצען פאר אימיצען.
שטעהט דען ערגעץ געשריבען, אַז אַ זיידע
איז מחויב צו האלטען אַ רעדע?
איהר זעהט דאָך וואָס ס׳קומט דערפון אַרויס,
וויל מען, לאכט מען מיך גאָר אויס . . .
פּארשרייבט עס אייך אויפ׳ן שטערן
ווארט-ווארט, איהר וועט אויך אַמאָל אַלט ווערען,
און אַז איהר וועט זיך ווועלען נאַריש מאַכען,
וועט מען אויך פון אייך לאַכען.



## 77 געבורטסטאַג —

76 יאָהר זיינען שוין פארפלויגען
זינט איך קיק אָן די וועלט מיט מיינע אויגען
און זאָל דער 77טער בוירטדעי
אויך זיין מיין טהענקסגיווינגס דעי
צוערשט אַ דאַנק דעם באשעפער פון דער וועלט,
וואָס האָט מיך בעהיט פון הונגער, פון קעלט.
און כאָטש איך בין נישט געוועזן רייך,
האָב איך געמאכט אַ לעבען מיט לייטען גלייך.
ער האָט מיר מיט מיין פאַמיליע געשפּייזט צו זאַט,
און בעהיט מיינע זיהן פון דינען אלס סאָלדאַט.
וואָס מוז געהען פייטען און שיסען,
און זיין געצווינגען מענשליכע בלוט פארגיסען:

איך מעג זאָגען פאר געוויס,
אַז ניט פילע טאַטע מאַמע האָבען אַזא זכות,
איך גלויב שטאַרק אין מיין זכות אָבות,
און בין גליקליך מיט די קינדערס מעלות טובות.
זיי בעזיצען דעם געבענשטען לב טוב,
און זיינען מקיים די מצוה פון כבוד אב.
איך פיהל מיך מיט זיי העכסט דערהויבען,
זיי קומט דאַנקען און לויבען.
זייער איבערגעבענהייט און זייער טוגענד,
באַלעבט מיין געמיט ווי אַ נייע יוגענד.
אַ וואהרער גן-עדן איז מיר מיין הויז,
און מיין דאַנקבאַרקייט איז זעהר גרויס.
באַלוינט זאָלט איהר ווערען כפל כפלים,
ווי עס ווינשט אייער פאָטער בער אפרם.
כ"ח אלול ה'תרצ"א.

●

## 57-טער יובילעאום

דער זעקסטער טאָג אין חודש תשרי,
איז די זיבען און־פופציגסטע עניוואוירסערי.
וואָס איך מיט מיין ליבער נחמ'ן
פיהרען אַ זיס לעבען צוזאמען.
איהר צו פאַרדאַנקען איז מיין לעבען,
פול צופרידענהייט און פערגעניגען.
געשענקט מיר 2 טעכטער און 8 זיהן,
און אונז אלעמען פיעל גיטס געטהין.
געארבייט שטענדיג אָהן אַן אויפהער,
פאַר אונז איז איהר קיין אַרבייט ניט שווער.
מיט איינעם וואָרט: אַ פרוי זעהר אַ וואוילע,
עס וואָלט געמעגט זיין אַ סך אַזוינע.
וואָלט די וועלט פיעל שעהנער אויסגעזעהן,
און מענשען וואָלטען בעסער אָפּ געוועזן.
ווינשט אונז קינדערלאך, א גוטע עלטער
אימּמער פרישער און געזינטער.
אַלס אַ געטרייע ליבענדע פּאָר,
אויף לאַנגע לעבעדיגע יאָהר.

און מיר זאָלען אייך זעהן געזונד און שטארק,
די גרעסערע ווי אויך דאס קליינוואַרג.
עס זאָל אייך זיין גוט און וואויל,
און זאָלט האָבען פרנסה מיט'ן פולען מויל.
מיר זאָלען דערלעבען מעהרערע עניוואוירסערים,
מיט אַלערליי פרעהליכע פּאַרטים.
לשנה טובה תכתבו
לחיים ולשלום תחתמו.

ו' תשרי ה'תרצ"ב.

●

## האָם סוויט האָם.

אמעריקא איז א גאָלדען לאנד
אלעס איז דאָ בעקוועם צו דער האנד
אבי געזונד מיט גוטער פרנסה
לעבט מען זיך דאָ גאנץ נישט-קשה
איך רעד ניט פון די גרויסע נגידים
ווי אויך ניט פון די פילע קבצנים
נאָר פון אלע געוועהנליכע לייט
וואָס זיינען אם מעהרסטען אָל-רייט
וואָס זיינען אימשטאנד א לעבען צו מאכען
די קענען שוין אויך לעבען און לאכען
מע באוואוינט איינעם פון די אפּארטמענטס
מיט אלערליי לייטעסט אימפּרוומענטס
אדער גאָר א פּרייוועט הויז
ווייט פון דער שטאָט ארוים. —
פּרוכט און וועדזשעטייבעלס באקומט מען אימער
א גאנץ ווינטער ווי אם זומער
און קויפט איהר ערגעץ עפּעס איין
ברענגט מען עס אייך אין הויז אריין.
גאנץ פריה, בעפאָר איהר טהוט זיך נאָך א ריהר
שטעהט שוין די מילך ביי דער טיר.
דארפט איהר זיך צוזאמענרעדען פון דער ווייטענס
קענט איהר עס דורכ'ן טעלעפאָן באצייטענס. —
מיט דער טריין פאר א ניקעל מזומן
קענט איהר שטענדיג ווייט אָנקומען

ווער שמועסט מיט אן אייגענער מאשין
איז לייכט צו פאַרען אומעדום
איהר זיצט אויף א טשער ווי א גראף
און לאָזט שפּילען דעם פאָנאָגראף
אדער די ראדיאָ ברענגט אייך צו יעדער צייט
פארשידענע קאָנצערטען פון גאנץ ווייט.
טאָמער פוילט איהר זיך אין דער אָפּערע געהן
קאָנט איהר עס גוט הערען אין דער היים.
מע קען זיך פיין אמוזירען
און אפילו פון אָרט זיך ניט ריהרען.
צו א געוויסען באָטען א לייכטער דריק
מאכט עס גאנצע וואוינונג ליכטיג
מיט עלעקטרי קען מען די רומס קלינען
ווי אויך קאָכען, וואשען, ביגלען.
אייער געז-סטאָוו דינט זעהר גוט
עס מאכט פארטיג עס עסען מיט דער מינוט
אנגענעהם זיינען די רעדיאטאָרס פון סטים
וואָס פארשפּרייטען ווארעמקייט אומעדום
דער אייז באקס האַלט אָן די שפּייזען פריש
סע ווערט ניט קאליע דאָס פלייש, די פיש
קלאזעטס וואו איהר טהוט זיך נאָר א ריהר
פאר קליידער, וועש און געשיר
קראנען פאר קאלטע און הייסע וואסער
רייך, לויטער וואָס מע דארף ניט בעסער
צום טוילעט איז ניט צו וואָקען ווייט
ער געפינט זיך נאָהענט ביי דער זייט
און דינט צום וואשען, שייווען, באָדען
און וואָס דער מאָגען האָט צו זאָגען.
איבעריגע וואסער בלייבט ניט אין הויז
עס לויפט דורך פּייפּס אליין ארויס.
דו ביסט צופרידען און פיהלסט זיך פעסט
מאכסט פארטים, נעהמסט אויף געסט
יעדער איינער איז העכסט וועלקאָם
און איהר זינגט געמיטליך ה אָ ם ס וו י ט ה אָ ם!

ענדע.